דער אלגעמיינער אידישער ארבייטער בונד
אין רוססלאנד און פוילין

וויא האבען

# די בעלגישע ארבייטער

## געשטריטען פאר דער פרייהייט

אפריל 1898

דרוק פון „אל. איד. ארבייטער בונד אין רוס. און פויל".

## אַ קליינע הקדמה

אין אַפּריל 1895טען יאָהר האבין דיא אַרבייטער אין בעלגיען* געפּייערט אַ צעהניאָהריגען יובילייאום פון זייער סאָציאַל-דעמאָקראַטישע ארבייטער פּאַרטייא. אין דעם קליינעם משך האבען דיא ארבייטער זייער פּיעל עררייכט: אין 1893-טען יאהר האבען זייא זיך דערשלאָגין וואַהלרעכט, — דאס רעכט אויס-צוקלייבין פאָרשטייער אין פּאַרלאַמענט (אַ פערזאַממלונג פון דיא אויסגעקליעבענע פון פאָלק, וועלכע גיט ארוס דיא געזעטצען), און אין אָקטאָבער 1894-טען יאהר האבען זייא מנצח גיוועזן אוף דיא וואַהלען, וועלכע זיינען דאן פאָרגעקומען.

אין דעם קליינעם ביכיל, ווילען מיר דערציילען, וויא דיא אַרבייטער האבען דאָר-טין געשטריטען פאר דאס וואַהלרעכט, וויא זייא האבין זיך דאס דערשלאָגין און וויא זייא האבין זיך דערמיט באַנוטצט.

---

# דער שטרייט פון דיא בעלגישע ארבייטער

בעפאָר עס האט זיך בייא זייא געגרינדעט אַנ-אַרבייטער פּאַרטייא.

נאך מיט 50 יאהר צוריק האט זיך שאהן ענטוויקעלט אין בעל-גיען דיא גרויסע פּראָדוקציאָן אויף דיא פאַבריקען און אין דיא שטיינקוילען-גרובען. וויא איבעראל אזוי אוך דאָרט האט דיא גרויסע פּראָדוקציאָן געבראכט דעם ארבייטער גרויסע אונגליקען: אַ שרעק-ליך לאנגען אַרבייטס טאַג, זייער אַ קליינע אַרבייטסלאָהן, אַרבייטס-לאָזיגקייט און פערשיעדענע קראַנקהייטען, אויסצערונגען, פון וועלכע עס האבין געליטען דער גאנצער ארבייטער קלאַסס און איבערהויפּט פרויען און קינדער. דיא לאַגע פון דיא בעלגישע ארבייטער איז דאנן גיוועזן פונקט אזוי שרעקליך וויא היינט די לאַגע פון דיא רוססישע ארבייטער. דיא פאַבריקאַנטען האבין פערדיענט מילליאָנען און גי-לעבט אין לוקסוס, און דיא ארבייטער, האָרעווענדיג 14-16 שעה אַ

---

*) בעלגיען ליגט אין מערב זייט פון אייראָפּאַ, צווישען האָללאַנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד.

טאג, פלעגין הונגערן, פארלירען דעם געזונד און שטארבען פאר דער צייט.

די גאנצע רעגיערונגס-מאַכט, די גאנצע הערשאַפט איז געלעגין בייא דיא קאַפּיטאַליסטען אין דיא האַנד. שוין פון 1831-טען יאהר אָן עקסעסטירט אין בעלגיען אַ קאָנסטיטוציע (אַ הויפּט געזעטץ וועגין דיא רעכטען פון דיא בירגער). נאך די קאָנסטיטוציע נאך טאָר דער קייזער אלליין ניט ארוסגעבין קיינע געזעטצען, דאס גיהערט צום פּאַרלאַמענט, די פערזאַממלונג פון דיא פאָרשטייער. דיא מיניסטאָרין, וועלכע דער קייזער מאכט, דארפין אָפּגעבין דין וחשבון פארן פּאַרלאַמענט פאר אלץ וואס זייא טהוען. דער פּאַרלאַמענט קען זייא אַראָפּוואַרפען, ווען ער וויל, און הייסען דעם קייזער אוסקלייבין אנדערע מיניסטאָרין. אזא קאָנסטיטוציע איז דאָך, דאכט זיך, גאנץ גוט, זיא לאזט דעם קייזער מיט זיינע מיניסטאָרין ניט טהאָן אללעס, וואס זייא פארוועלט זיך. אין אָמתן אבער איז דאס פארן פֿאָלק נאָך ווייניג. כדי אזא קאָנסטיטוציאָן זאָהל קענען ברייננגען נוטצען דעם פֿאָלק, דארף דאָ זיין נאָך אַ פּינטיל: די רעגיערונגס מאַכט, וואס מאן האט צוגענומען פון קייזער זאָל געהערן צום פֿאָלק, כדי דאס פֿאָלק זאָל זיין זיכער, אז דער קייזער מיט זיינע מיניסטאָרין וועלין מיט איהם ניט טהאָן, וואס זייא וועט זיך פארוועלין, דארף ער האבין פאָרשטייער אין פּאַרלאַמענט, ד"ה דיא פאָרשטייער זאָללען אוסגעקליעבין ווערין ניט נאָר פון רייכע אליין, נאָר פון גאנצען פֿאָלק. אין בעלגיען איז אבער ניט אזוי גיוועזין. די קאָנסטיטוציע פון 1831-טען יאהר האט צוגענומען די מאַכט ביים קייזער און האט דאס אוועקגיגעבין עטליכע רייכע קאַפּיטאַליסטען, פאַבריקאַנטין, גוטס באַזיטצער, סוחרים און נאָך אזיינע בלוטצאַפּערס, פּיאַווקעס. די קאָנסטיטוציע האט גיגעבין וואַהלרעכט נאָר אזעלכע בירגער, וועלכע האבין גיצאהלט דירעקטע* נאלאגין ניט ווייניגער וויא 17 רו"ב אַ יאהר. דיא אוסגעקליעבענע דעפּוטאַטען פלעגין זיין ניט בעססער פון דיא, וועלכע עס פלעגין זייא אוסקלייבין. דיא קאַפּיטאַליסטען האבין אוס-

*) נאַלאָגען (אבצאהלונגען) זיינען דא דירעקטע און אינדירעקטע. ווען איך צאהל, למשל, 3 רו"ב א יאהר דער רעגיערונג דערפאר, וואס איך האב א אייגענע הויז הייסט דאס דירעקטע נאַלאָגען וויל איך זעה קלאר וויא איך גיב דאס אוועק; ווען איך צאהל אבער איבעריגע 5 רו"ב אוף פוד טאַבאַק הייסט דאס אונדירעקטע נאַלאָגען, וויל איך זעהע ניט קלאר אז איך צאהל דאס דער רעגיערונג און מיר קומט דאס אוס, אז איך צאהל טהייערער פאר דיא סחורה.

געקליעבען אין פּאַרלאַמענט אזיינע דעפּוטאַטען, וועלכע האבין נאָך
גיזוכט אַ טובה צו טהאָן דיא רייכע: זייא פלעגין ארוסגעבין אזיינע
געזעטצען, וואס האבין גיקענט ברייגגען נוטצען נאָר דיא קאַפּיטאַ-
ליסטען; אַי וואס דיא אַרבייטער פלעגין פון אזיינע געזעטצען אַ-
רובגעצויגען ווערין, דאס האט זייא ווייניג געהארט.

אט אזוי זיינען דיא קאַפּיטאַליסטין אללעס רייכער און רייכער
גיוואָרין פון דיא אַרבייטער און האבין גיוועלטיגט איבער זייא. יע-
דער פאַבריקאַנט באזונדער איז זיך גיוועזן אַ קייזער בייא זיך אופין
פֿאַבריק; ער האט געדריקט, געשטיקט און געטהאָן מיט זיינע אַר-
בייטער, וואס זיין הארץ האט זיך געלוסט: דער גאנצער קאַפּיטאַ-
ליסטישער קלאַבס איז גיוועזן אַ אויבערהער איבערן גאנצען אַרביי-
טער קלאַסס. זייא, דיא רייכע זיינען גיוועזן זיכער, אז קיינער וועט
זייא אַ וואָרט ניט ריידען, ווייל זייא האבין גיהאט אין פּאַרלאַמענט
זייערע אייגענע פאָרשטייער. דיא פאָרשטייער האבין וועגין זייא גי-
זאָרגט מיט דער זעלבער מוטטערליכער טרייהייט, מיט וועלכער
עס זאָרגין וועגין דיא קאַפּיטאַליסטען און דעם אַדעל דיא רוססישע
מיניסטאָרין, גובערנאַטאָרין און בעאַמטע.

א גאנין גוטען לעבען האבין דאנן פארבראכט דיא בעלגישע
בלוטצאפּער! אונטער דיא פליגלען פון זייערע פאָרשטייער און דער
רעגיערונג האבען זייא זיך גיפיהלט וויא אונטער אַן-אייזערנען וואַנד.
ניט אומזיכט האט זיך דאנן בעלגיען גירופען „דער קאַפּיטאַליסטי-
שער גן-עדן"! דער גן-עדן פון דיא קאפּיטאליסטען אבער איז גיוועזן
אַן אֶמתר גיהנום פאר דיא ארבייטער. לאנג, זייער לאנג האבין דיא
בעלגישע אַרבייטער געליטען אללע שרעקליכע צרות און ליידען,
וועלכע מיר שטעלין זיך פאָר אין גיהנום, ניט זעהענדיג קיין מיטיל
וויא פטור צו ווערין פון זייא, ניט וויססענדיג פון דעם איינציגען
און דעם בעסטין מיטעל — פון שטרייט.

ארבייטער הייבין אין קיין אָרט ניט אן מיט אַ מאהל צו שטרייטין.
נור לאנגע גרויסע צרות ווייזען זייא, אז, כדי פטור צו ווערין פון דיא
צרות, מוזין זייא שטרייטין מיט זייערע פיינד. וויא נאָר זייא האבין
דאס פארשטאנען, פארבינדרען זייא זיך אין פֿעראיינען צו פיהרען אַנ-
ענערגישען שטרייט. ארבייטער פֿעראיינען, וואס שטרייטען צו פאר-
גרעססערין דען אַרבייטס לאָהן, צו פארקלענערן דען אַרבייטס-טאַג,
צו ווערין זיך גענין דיא שטראפען און נאָך פיעל פערשיעדענע אָנ-
שיקענעס — אזיינע פֿעראיינען זיינען דער ערשטער פֿערזוך [illegible]

דיא ארבייטער מאכין צו פערגרינגערן זייער לאַגע. פון אנפאנג שטרייטען דיא ארבייטער מיט זייערע נאָהנסטע שׂונאִים, מיט איינצי-גע בעלי בתים, נאָר וואס וויטער זעהען זייא אללעס דייטליכער ארוס, אז אין זייער שלעכטער לאַגע זיינען שולדיג ניט נור איינציגע בעלי בתים, ניט נור אַ מיחאֵיל, מיכאל אָדער ר׳ מיכעל, נאָר דער גאנצער קלאַסס בעלי בתים, די בורשוואַזיע, וועלכע די רעגיערונג שטיטצט. דאנן הייבען דיא ארבייטער אוף אַ שטרייט מיט דער רעגיע-רונג. זייא הייבין אן צו פאָדערן פאָליטישע רעכטע אין איבערה.יפט וואַהל-רעכט, כדי זייא זאָלען אוסקלייבין אין פאַרלאַמענט אזיינע פאָרשטייער, וועלכע זאָללען דורכפיהרען גוטע געזעטצען פאר זייא, כדי זייא זאָלען וואס וויטער אללעס מעהרער ארייננעהמען אין האנד די פיהרונג פון דער מלוכה.

אזוי איז אוך צוגיגאנגין אין בעלגיען.

פון אנפאנג האבין דאָרטין גימאכט דיא ארבייטער פֿעראיינען צו שטרייטען מיט דיא בעלי בתים; שפעטער האבען זייא געגרינדעט אַן ארבייטער פאַרטייא ד"ה אַ פֿעראייניגונג פון גאנצען ארבייטער קלאַסס צו פיהרען אַ פאָליטישען קאַמפף מיט דער רעגיערונג.

פון דיא ערשטע בעלגישע פֿעראיינען זיינען איבערהויפט וויכטיג דיא פֿעראיינען פון שפינער און וועבער, וועלכע האבין זיך געגרינ-דעט אין גענט אין 1857-טען יאהר. דער פֿעראיין פון דיא ווע-בער עקסעסטירט נאָך היינט אוך. דיא בעלי בתים מיט דער רעגיערונג, וויא נור זייא האבין זיך דערוואוסט פון דעם, האבין מיט אללע מיני קונצען געסטארעט זיך צו פערמאכען דיא פֿער-איינען; זייא האבין זיך ניט גישאָמט אן צו ווענדין זייער קראַפט. דיא בעלי בתים פֿלעגין ענטזאגין דיא מיטגלידער פון דיא פֿער-איינען, און די רעגיערונג פלעגט זייא זעטצין אין געפאֶנגניסס. אבער דער הונגער און געפאֶנגניסס האבין דיא ארבייטער ניט אב-געשראָקען. זייא פלעגין מאכין זייערע פֿערזאַממלונגען ערגעין וואו אין קעלערין אָדער אין שטאַלען.

דיא אַנפיהרער פוןביידע פֿעראיינען, בלייבענדיג אָן ארבייט, האַ-בען גיעפינט טראַקטירען. וואו אללע מיטגלידער פֿלעגין זיך צוזאמ-מען קלייבען, איינער פון דיא טראַקטירען האט געדיענט פאר א שטאֶנדיגען פערזאַממלונגסאָרט פון פֿעראיינען, דאָרטין אונטער דער פאָדלאָגע איז געלעגען באהאלטען דאס געלד פון דיא פֿעראיינען. בשעת אין זייער קאַססע האט זיך אופגעקליבען היבשע געלד, האַ-

בין דיא וועבער און שפּינער גימאכט אַ שטרייק אויף אללע באומ-וואָלפאַבריקען פון געגנט. דיא ארבייטער האבין גיפאדערט גרעססערע ארבייטסלאָהן און אוסער דעם מאן זאָל זייא צאהלען מיט באַרעם געלד, און ניט מיט קיין פערפוילטע, צוגעלעגענע סחורה פון דיא פאַבריצענע קראָמען, וויא מאן האט זייא ביז יעצט געצאהלט. די רע-גירונג, געוויינליך, האט גלייך ארוסגעוויזען איהר מוטטערליעבע צו דיא פאַבריקאַנטין און האט אָנגעהייבין צו אַרעסטירען פון דיא שטרייקענדע יעדערן, וועלכער איז נאָר ארייגיפאלין אין האנד. דער געריכט האט צוגמישפּט 500 ארבייטער פערשידענע בעשטראַפונגען און דען רעכטען אַנפיהרער האט מאן ארייגעזעצט אין געפאַנגניסס אויף 2 יאהר. אובער דעם האט נאָך די רעגירונג אוסגעפאָרשט וואו די געלד פון פעראיין איז און האט דאס מיט געוואַלד צוגע-נומען, אבער דיא אללע פערפאָלגונגען האט צו קיינע נוטצען גע-בראכט. דיא ארבייטער זיינען געבליעבען בייא דאס זייעריגע און דיא בעלי בתים האבין סוף כל סוף זיך גימוזט אונטערגעבין און ער-פילין אללעס, וואס דיא ארבייטער האבין גיפאָדערט.

דער נצחון האט דיא ארבייטער דערוויזען, וואס פיר אַ גרויסע מאַכט עס ליגט אין דיא ארבייטער פעראיינען, אין שטרייט, ווען אללע שטייען פעסט, און באלד נאָך דעם האבין אנדערע ארביי-טער פון דיא פאַבריקען, וואו עס ווערט אוסגיארבעט מעטאַלענע כלים, אוך געגרינדעט אַ פעראיין, אין 1860 טען יאהר האבין זיך, דיא אללע קליינע ארבייטער פעראיינען פערבונדען אין אַ אַללגע-מיינעם „גענטישען ארבייטער פעראיין."

פון 1867-טען יאהר אן פערשפּרייטען זיך דיא פעראיינען אי-בער גאנץ בעלגיען. אין זעלביגען יאהר האבין ארוסגישפּראצט אין בעלגיען נאָך פיעל ארבייטער פעראיינען, וועלכע האבין זיך פער-אייניגט מיט דער „אַללוועלטליכען ארבייטער געזעללשאַפט."* וואס ווייטער האט זיך די ארבייטער באַוועגונג אללעס מעהר געשטארקט און דיא בעלגישע ארבייטער האבין אללעס מעהרער און מעהרער פארשטאנען, וואס זייא דארפין זיך דערשלאָגין מיט

*) די „אללוועלטליכע ארבייטער געזעללשאַפט" איז געגרינדעט גיוואָרין אין 1861-טען יאהר איהר ציעל איז געווען צו פעראייניגען אללע ארבייטער פון פערשיעדענע לאֶנדער, כדי צו שטרייטען פאר א פאָלקאָמענע בעפרייאונג פון גאנ-צען ארבייטער קלאַסס, כדי אין גאנצען ארוב צו ווארפען פון זיך דען לאַסט פון דיא בעלי בתים און דער רעגיערונג.

זייער שטרייט. ניט באגנוגענדיג זיך מיט אַ שטרייט, וואס פיהרט נור צו אַ קליינע אוכבעסערונג פון זייער לאַגע, האבען דיא בעלגישע ארבייטער אנגיהייבען צו שטרעבען צום העכסטען ציעל, צו וועלכעס עס האבען געשטרעבט פיעלע ענטוויקעלטע מיטגלידער פון „אַלל-וועלטליכען ארבייטער געזעללשאַפט" — צו דער פאָלקאָממענע בעפרייאונג פון גאנצען ארבייטער קלאַסס. דיא בעלגישע ארבייטער האבען אנגיהייבען צו פארשטיין, אז כדי צו בעפרייען דען ארבייטער, כדי איהן צו מאכען אונאָפהיינגיג פון זיינע בעלי בתים, מוז מאַן פערניכטען פריוואַט-אייגענטהום; מאַן מוז זעהן, אז אללע ווערקציג, פאַבריקען, פעלדער וואַלדער זאָללען געהערען ניט איינציגע מענשען, נאָר דער גאנצער געזעללשאַפט, ס'זאָלל ווערין אַ געזעללשאַפטליכע אייגענטהום. פון יענער צייט אָן זיינען דיא בעלגישע אַרבייטער גיוואָרין סאָציאַליסטען.

צום אומגליק אבער איז אין אנהייב דיא 70-גער יאהרין דיא „אללוועלטליכע ארבייטער געזעללשאַפט" איבער פיעלע אורזאכען צו פאלען און צוזאממען מיט איהר זיינען אוך געפאלען פיעל בעלגישע ארבייטע פעראיינען. וואס זיינען גיווען מיט איהר פארבונדען. די ארבייטער באַוועגונג איז מיט אַ מאהל שוואך גיוואָרין.

אין 10 יאהר ארום אבער האט דער שטרייט גאר פון דאס נייא אָפגעלעבט.

אנפאנג דיא 80-גער יאהרין האבען זיך אללע ארבייטער פעראייגען פון פלאַמאַנדישע* בעלגיען פארבונדען אין אַ „פלאַמאַנדישע סאָציאַליסטישע פאַרטייא" און באלד נאך דעם, דען 5-טען אַפריל 1885-טען יאהר האט זיך אין בריססעל (די הויפטשטאַדט פון בעלגיען) צוזאממענגעקליבען אַ פערזאַממלונג פון 100 ארבייטער, פאָרשטייער פון 59 פעראיינען. אוף דער פערזאַממלונג האט זיך געגרינדעט „אַנ ארבייטער פאַרטייא", וועלכע האט פעראייניגט אללע ארבייטער פון גאנץ בעלגיען. דיא גרינדער און דיא רעכטע קאָפּ פון דער נייער פאַרטייא זיינען גיוועזין „וואַילדערס" דער פאָרשטייער פון דיא בריססעלער ארבייטער, „אַנסעלע" דער פאָרשטייער פון דיא גענטער ארבייטער, „דעפּאַפּ" אַ געוועזענער וועבער אין אַ דרוק און אַ געוואָרענער דאָקטאָר און אַ געלעהרנטער

*) דיא איינוואָנער פון בעלגיען גיהערן צו צוויא שבטים: וואַלאָנער און פלאַמאַנ-דישע. דיא וואַלאָנער רייד'ען פראַנצױזיש, דיא פלאַמאַנדען פלאַמאַנדיש.

שרייבער, דער רעכטער פאָרשטייער פון דיא בעלגישע ארבייטער פון דער צייט, וואס זייא זיינען געווען פארבונדען מיט דער „אלל-וועלטליכען ארבייטער געזעללשאפט.״

---

# דער שטרייט וועגען וואהל־רעכט אונד דער שטרייק אין 1886-טען יאהר

זינד עס האט זיך געגרינדעט די ארבייטער פאַרטייא, האבין דיא בעלגישע ארבייטער ניט אופגיהערט צו שטרייטען. דיא ארבייטער פאַרטיי אין בעלגיען גלייך וויא אנדערע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע ארבייטער פאַרטייען פון דער גאנצער וועלט, האט זיך גישטעלט אלס ציעל: בעפרייען דיא ארבייטער פון דער הערשאפט דער בור-שזואַזיע. כדי דאס אוסצופיהרען מוז דער ארבייטער קלאַסס האבין פאָליטישע רעכטע, ד״ה ער מוז האבין דאס רעכט אוסצוקלייבין פאָרשטייער אין פאַרלאמענט; ער מוז האבין דאס רעכט צו מאכין פעראיינען, כדי צו שטרייטען פאר זיינע אינטערעסין; ער מוז האבין דאס רעכט צו מאכין פערזאַממלונגען, אוף וועלכע ער זאָלל זיך קאָננען באראטהען, וועגין זיינע אינטערעסין; ער מוז ווידער האבין דאס רעכט פרייא צו שרייבען און דרוקען צייטונגען און בי-כער, כדי צו געבין צו פארשטיין זייערע אינטערעסין אזעלכע ארביי-טער, וועלכע פארשטייען דאס ניט און ז. וו.

די וויכטיגסטע פון אללע רעכטען איז דאס וואַהל-רעכט, דאס רעכט אוסצוקלייבין פאָרשטייער, ווייל זיי גיבין ארוס דיא געזעטצען פאר דעם גאנצען פאָלק און זיי ווייזען דיא מיניסטאָרין, וויא יענע זאָללין פיהרען דאס לאַנד און ז. וו.

אין בעלגיען זיינען דאָך דיא ארבייטער דער גרעסטער טהייל פון אללע איינוואָהנער און ווען זייא זאָלין האבין גלייכע שטימרעכטין, וועלין זייא קאָננען האבין אין פאַרלאַמענט מער פאָרשטייער וויא אללע אנדערע פאַרטייען און אוף אַזאַ אופן וועלין זיי קאָננען דורכפיהרען אללע געזעטצען, וואס זיינען נוטציג פאר זייא און ניט דורכלאָזין אזעלכע געזעטצען, וואס זיינען שאָדליך פאר זייא. און דאס וויכטיגע רעכט האבין דיא בעלגישע ארבייטער ניט גיהאט, דאריבער האט דיא בעלגישע ארבייטער פארטייא אנגיהייבין צו פיהרען אַ שטרייט פאר דאס וואַהל-רעכט.. דיא פאָליטישע רעכטע וועלכע

דיא ארבייטער האבין שאָהן געהאט, האבין זייא געבראכט אין זייער
קאַמפּף זייער פיעל נוטצען.: דיא ארבייטער, למשל, האבין גיהאט
דאס רעכט צו מאכען פעראיינען, פערזאַממלונגען, צו ריידין, שריי-
בען, דרוקען וועגין אללעס, וואס זייא האבין גידארפט, און דארי-
בער האט די ארבייטער פאַרטייא אנגיווענד איהרע גאנצע קראַפ-
טין צו מאבין אלין מעהרער פעראיינען, און דיא פעראיינען פער-
בינדען אין איין ארבייטער פאַרטייא: צו פארשפרייטען צייטונגען
מיט ביכלאַך פאר ארבייטער, צוזאממענרופען אללעס גרעססערע
פערזאַממלונגען, אוף וועלכע עס פלעגט זיך ערקלערין, וויא נייטהיג
פארן ארבייטער קלאַסס איז דאס וואַהל-רעכט. דיא קראַפטין פון
דער ארבייטער פאַרטייא זיינען געוואקסען פון טאָג. פון אללע ווינ-
קעלאך האט זיך אללעס אָפטער גילאָזט הערען — וואַהל-רעכט.

דיא ארבייטער באַוועגונג איז שאָהן אין 1886-טען יאהר גיוועזן
גענוג קראַפטיג; איהר מאַכט איז שאָהן דאנן גיוועזן אזוי גרויס, אז
זיא האט ארופגיוואָרפין אַ שטרייק אוף די בורזשואַזיע און אוף די
רעגירונג; אין אללע פאַבריקשטעדט און געגענדען האט מאן
אין יענער צייט געקאָנט אָפט זעהן גרויסע פערזאַמלונגען, אוף וועל-
כע דיא ארבייטער האבין מיט איין קול געפאָדערט דאס אַללגעמיי-
נע וואַהל-רעכט.

אין זעלבען יאהר איז אים לאַנד פאָרגעקומען שטרייקען. איבער-
הויפט איז אזעלכעס פאָרגעקומען ביא זיא קויילען-גרובער, וועלכע
זיינע דא זייער פיעל אין בעלגיען. דיא שטרייקענדע פלעגין גיין
איבעראלל און רופין דיא איבריגע ארבייטער, וועלכע זיינען נאָך
ניט צוגישטאנען צום שטרייק אוך מיט זיך. דיא גרעסטע טהייל
שטרייקערס זיינען גיוועזן אזעלבע, וועלכע זיינען נאָך גאר ניט גיוועזן
קיין מיטגלידער פון דער ארבייטער פאַרטייא, זייא פלעגין מעהר
ניט פאָדערן דעבערן דיא גיהאלט אדער זייא פלעגין ניט לאָזין
רייסין פון דיא פרייזען, וועלכע זיינען שאָהן אזוי אוך גינוג קליין
גיוועזן. דיא בעלגישע בורזשואַזיע רעגירונג האט זיך יעצט אנגע-
נומען פאר דיא פאַבריקאַנטין. זיא האט אנגיווענדט דען זעלבען מי-
טיל, וועלכען עס באנוטצט די רוססישע רעגירונג בשעת עס מאכט
זיך אַ גרויסער שטרייק: זיא האט ארויסגעשיקט געגען דיא „בונ-
טאָווטשיקעס" חיל. אין פיעלע אָרטער איז פאָרגעקומען אַ בלוטיגער
שטרייט צווישען דיא שטרייקענדע און דיא זעלנער. דיא ארבייטער,
שאָהן פון לאנג פערבייזערטע אוף דיא בעלי בתים, וועלכע פלעגין פון

זייא אוסשמאָקצענען די בלוט ווי פּיאַווקעס, פלעגין אָפּט ארוף פּא-
לין אין דיא פאַבריקען און זייא חרוב מאכען: זייא האבין גיבראָכין
דיא מאַשינעס, געצונדען דיא הייזער. פערניכטעט אללעס, וואס זייא
איז נאָר ארייננגיפאלען אין האַנד. אוף דאס, מעהר ניט, האבין דיא
זעלנער גיוואַרט. איצטער נור האבין זייא גיקענט ארוסווייזען צו
וואס זייא נוטצען. קוילען ווי האָגלען האבען זיך אנגיהייבין צו
שיטען אוף דער גרויסע מאַססע אונבעוואַפנעטע מאַנסלייט, פרויען
און קינדער. מיט שטעקענס און שטיינער איז גיוועזן אונמאָגליך זיך
אָפּצוווערין פון ביקסען און קוילען; דיא ארביטער זיינען צו לאָפען,
לאָזענדיג הינטער זיך גענוג טוידטע און פארוואונדעטע. דיא זעלנער
האבין אָנגיהייבין און פּאָליציי האט גיענדיגט: זיא האט אופגעזוכט
דיא אנפיהרער און האט זייא פערהאַפטעט. אין אַ קורצע צייט ארום
איז גיוועזן דער משפט און עס זיינען פערמשפט גיוואָרין ווער אוף
0 , ווער אוף 20 יאהר קאַטאָרגע און ווער אוף מעהרערע יאה-
רען געפאָנגניסס.

צום שטרייק פון 86-טען יאהר זיינען דיא ארבייטער ניט גיוועזן
פאָרבערייטעט: זייא האבין ניט גיהאט קיין פעראיינען, ניט קיין געלד
דורכצולעבין דיא צייט פון שטרייק. דען שטרייק האבין זייא אָנגיהיי-
בין, וויל דער נייטה דאט זיי גיבראכט דערצו. זייא האבין שאָהן
ניט גיקאָנט מעהר טראָגין דען לאַסט פון דיא בעלי בתים. אז מאן
פלעגט זייא אפרעגטהאָן, צו ליעב וואס מאַכען זייא דען שטרייק!
און וואס האָפּען זייא צו ערהייכען מיט איהם, פלעגט מאן קרי-
גען אַזאַ מין אַנטוואָרט: „וואס מאכט דאס אונז אוס — אז מיר
ארבייטען שטאַרבען מיר פון הונגער, — מיר ארבייטען ניט —
שטאַרבען מיר אוך פון הונגער! איז דאָך שאָהן גלייכער איין
מאָהל פיר אללע מאָהל ווייזען דיא בעלי בתים, אז מיר זיינען
אוך מענשען, אז מיר זיינען בעשאַפען גיוואָרין ניט נור צו ליעב
דעם, דאס אונזערע מאָרדער זאָלין גראָב אין דיק ווערין פון אונ-
זער בלוט און שוויים! גענוג זייא שאָהן צו טרעטין אונז, אונזע-
רע ווייבער און קינדער! זייערע זעלנער שרעקען אונז גאנץ ווי-
ניג. מיר ווייסען גאנץ גוט, וואס מיר קאָננען פון זייא ערווארטען —
דען טוידט! ס'איז אסך גרינגער צו שטארבען מיט אַ אויגענ-
בליקליכען טוידט, איידער דיא קראָפטין זאָלין לאַנגזאַם אויסגיין
פון הונגער און אונערטראָגליכער פּראַצע." מיט דעם שטרייק
האבין דיא ארבייטער ארוסגעוויזען, פיעל האַס און פעראַכטונג זייא

טראָגען אויף וייערע אונטערהדיקער. אבת מאָך, דיא שטרייקענדע זיינען איינגעשטעלט געוואָרין, וייער בלוט האט זיך גיגאָסין ווי וואסער, מאססענווייז זיינען זייא פערפולט גיוואָרין אין דיא גע-פאַנגניססען — אבער קיין מאל וועט דיא בעלגישע בורשואזיע ניט פארגעסין דען שרעקליכען פריהלינג פון 86-טען יאהר! דאנן האט זיא זיך איבערצייגט, אז קוים האבין זיך דיא ארבייטער גינומען צו מאכין אַ סוף פון וייער שקלאַווערייא, קוים האבען זייא אנגי-הייבין צו שטרייטין פאר וייער פרייהייט — איז שאָהן אַ סוף פון דער בורשוואזער הערשאַפט.

דער שטרייק, וויא מיר האבין שאָהן פריער גיזאגט איז גיוועןאונגעריכט און דאריבער האבין דיא ארבייטער קיין זאַך ניט אוס-געפיהרט; נאָר טאָמער האט דער שטרייק אין דער מינוט קיינע נוטצען געבראכט, האט ער דאָך זייא וייער פיעל נוטצען געבראכט אין דעם ווייטערדיגען קאַמפף. איצטער האט דיא ארבייטער מאססע ארוסגיזעהן ערשטענס, אז כדי וואס עס איז אופציטהאָן מיטין שטרייק, כדי ערדייכען דען ציעל, וועלכען זייא האבין זיך גי-שטעלט, מוז מאן זיך פריער צוגרייטען. מאן מוז זיך פארבינדען אין פעראיינען, מאן מוז מאכען קאַכסעס אויף דעם פאַל פון אַ שטרייק. דיא בלוטיגע מלחמה, וואס דיא רעגיערונג האט דא גע-מאכט מיא דיא שטרייקענדע, האט געוויזען דיא ארבייטער, אז דיא רעגיערונג און די בורשוואַזיע זיינען איין חברה און כדי אוסצופיהרען דען שטריט מיט דיא קאַפיטאַליכטען, מוז מאן פריער אָפּראַמען פון וועג די רעגיערונג. מאן מוז זיך דערשלאָגין דאס אַללגעמיינע וואַהלרעכט.

אָט דאס איז דיא אורזאַכע, פאר וואס נאָך דעם שטרייק האט זיך דער שטרייט וועגין וואַהלרעכט גאר פון דאס נייעס פארנאנ-דער געפלאַקערט. ביז אהער זיינען דאס רוב ארבייטער געשטאַנען פון ווייטען און האבין זיך ניט פאראייניגט מיט דער ארבייטער פאר-טייא; איצטער נאָר איז די ארבייטער פאַרטייא מיט אַ מאָהל קראָפּ-טיג גיוואָרין, ווייל עס זיינען צו איהר צוגישטאנען טויזענדער וויז נייע קאָמפפער. די מאכט פון דער ארבייטער פארטייא האט זיך ארוס געוויזען אין דער מאַניפעסטאַציע, וואס איז פאָרגעקומען אין ברוססעל דען 15 אווגוסט דען זעלבען1885-טען יאהר.

דיא פאַרטייא האט באשטיממט, מאן זאָלל צוזאממענרופין פון דער גאנצער לאַנד דיא ארבייטער אין די הויפטשטאַדט בריססעל און מאן

זאָלל דאָרטין מאַרשירען דורכין גאַס, כדי דערמיט צו דערוויזען דער הערשענדען בורשוואַזיע, וואס פיר אַ מאַכט עס קאָננען ארויסשטעלין דיא, וועלכע פאָדערן וואַהלרעכט. די מאַניפעסטאַציאָן האט נאָך גי-דארפט פאָרקומען דען 13-טען יוני; נאָר דיא רעגיערונג, וואס איז גיוועזען גענוג צושראָקין פון דיא פריערדיגע שטרייקען, איז איצטער גאר צוציטערט גיוואָרין און האט דאס פערבאָטין. דיא ארבייטער פארטייא האט דעריבער צוזאַממענגערופען אַ פערזאַממלונג פון אללע פאַר-טייען אויף וועלכער עס איז באשטיממט גיוואָרין, די מאַניפעסטאַ-ציאָן זאָלל אָבגילייגט ווערין אויף דען 15-טען אוגוסט. אין דער וויל האט דער ראַטה* פון דער פאַרטייא ארויסגילאָזין אַן-אופרוף צו דיא ארבייטער, וועלכע האט זיך גיענדיגט מיט דיא וואָרטער: „אויף דעם פאַל אוב דער רעגיערונג וועט ארופקומען אופען זי-נען ווידער צו פארבאָטען אונזער מאַניפעסטאַציאָן, זאָלין דיא אר-בייטער אָנהייבין זיך צו צוגרייטין צו אַ אללגעמיינעם שטרייק.„

דער סטראַשונעק האט וויא עס שיינט, גוט געווירקט. די רעגיערונג האט מורא גיהאט צו פערבאָטען די מאַניפעסטאַציאָן. דען 15-טען אוגוסט האבין זיך אנגיהייבין צו שיטען אין ברוססעל פון אללע ארומיגע שטאָדט, שטאָדטעלאָך און דאָרפער ארבייטער, וואס פאָ-דערן וואַהלרעכט. דיא מאַססע פון דיא ארבייטער איז אללעם גע-וואקסען און האט אם ענדע דערגרייכט ביז 40 טויזענד מאַן. אַ יום-טוב'דיג אוסגעפוצטע, גרויסע און באַגייסטערטע מאַססע האט מיט רויטע פאַהנען אין דיא האָנד דורכגישפאַצירט דורך ברוססעל און פערקלונגען דיא גאססען מיט איהרע ארבייטער ליעדער. וויט, וויט האט געהילכט דיא פאָדערונג: „עס זאָלל לעבין דאס אללגע-מיינע וואַהלרעכט!“ „עס זאָלין בעפרייט ווערין אונזערע פערהאַפ-טעטע ברידער!“.... דיא בריססעלער ארבייטער האבין זיך אין 2 צייליען אוסגישטעלט ביים וועג, דורך וועלכען דיא מאַרשירענדע ארבייטער מאַססע דארף דורכגיין, און האבין מיט א הערצליכער פרייד געגריסט זייערע פריינד און ברידער.

דיא מאַניפעסטאַציאָן פון 15-טען אוגוסט איז גיוועזען זייער וויכ-טיג פאר דיא ארבייטער; אין דעם טאג האט די ארבייטער פאַר-

---

*) דער ראַטה פון פאַרטייא באשטייט פון מענשען, וועלכע די פערזאַממלונג פון דיא פאַרשטייער קלייבט אוס, דער ראַטה דארף ערפילען דאס, וואס די פער-זאַממלונג באַשטימט און איבערהויפט אנפיהרען דען גאנצען שטגייט.

טייא אוסגעציילט איהרע קראַפטין. דיא ארבייטער פון גאנץ בעל-גיען האבין זיך אפגירופען אוף איהר אופרוף און האבין געגעבין צו וויססען זייערע אונטערדריקער, אז זייי זיינען בערייט צו שטרייטען פאר זייערע רעכטע ביז'ן סוף — ביז זייא וועלין זיעגען.

---

## דער זיעג (נצחון) פון דער ארבייטער פארטייא

אין 1886-טען יאהר האט זיך דער בעלגישער פראָלעטאַריאַט אופגעהאַפּט פון שלאָף, און אין 5 יאהר ארום איז די ארבייטער פארטייא שאָהן אזוי שטארק גיוואָרען, אז די רעגיערונג איז גינייטה גיוועזן נאכצוגעבין די פאָדערינג פון דאס וואַהלרעכט.

אין מאַי 1891-טען יאהר, גלייך נאך דעם יום טוב פון 1 מאַי, האבין זיך איבעראל אנגיהייבין שטרייקען. דאס מאל זיינען דיא ארבייטער שאָהן גיוועזן מעהר צוגיגרייט, וויא אין 1886-טען יאהר. די ארבייטער פארטייא איז גיוועזן די פיהרערין פון דער בעוועגונג און האט איבעראל געשטיטצט דיא שטרייקענדע. דעריבער האט די רעגירונג, וויא עס האט זיך איהר ניט גיוועלט, ניט גיהאט קיין אוסרייד ארוסצולאָזין דיא ביקסען און קוילען: דיא שטרייקענדע האבען ניט געצונדען קיינע פאַבריקען, ניט געבראָכען קיין מאַשינעס, נור רוהיג און מוטהיג געבליעבען בייא זייערע פאָדערונגען, איבערהויפט בייא דער פאָדערונג פון וואַהלרעכט. גאר אין אַ קורצע צייט זיינען צו דיא שטרייקענדע צוגישטאַנען 125 טויזענד ארבייטער פון פערשיעדענע פּראָפעססיאָנען: קוילען-גרעבער, ארבייטער פון אייזען און סטאַהל פאַבריקען, טישלער, צעסלער, מעבעל סטאָליאַרים, דיא וואס ארבייטען אין דיא האַפּפענס און נאָך פ עלע. די רעגיערונג האט זיך גאר אָן אַ קאַמאָוועס דערשראָקין. די בעוועגונג, וועלכע האט זיך נאָך פון טאג צו טאג געשטארקט, האט נאָך מעהר דערשראָקען דיא רעגיערונג וויא אין 1886-טען יאהר. וועגין איינשטילען דיא ארבייטער מיט מיליטער האט שאָהן גאר קיין רייד ניט גיקאָנט זיין, מאן האט דא געמוזט וויא עס איז דורכמאכין מיט גוטין. די רעגיערונג האט צוגיזאגט, אז זיא וועט אין קורצען אפגעבין דעם פּאַרלאַמענט איבערצוקוקען די קאָנסטיטוציע ד. ה. דער פּאַרלאַמענט זאָל דאָרטין איבערמאכען וואסערע ס'איז פאר געזעטצען, וויא דיא ארבייטער פארטייא פאָדערט

די רעגיערונג האט דאס מאהל גיהאלטין וואָרט; דער פּאַרלאַמענט האט אנגיהייבין איבער צוקוקין די קאָנסטיטוציע. אבער דערמיט האט זיך נאָך דער שטרייט ניט גיענדיגט, דיא דעפּוטאַטען האבען אללעס אפּגיצויגין זייער ארבייט. דיא קאַפּיטאַליסטען איז גיוועזן זייער שווער זיך צו ענטזאגען חאָטשע אוף אַ האר פון זייער הערשאַפט. גאנ-צע צוויא יאהר האט מאן אללעס גמעקט, געשריעבען און אללעס געזוכט מיטלען וויא צו פּארדרייען דעם ארבייטער דעם קאפּף און אנשטאט פאָלקאָמע וואַהלרעכט, איהם געבין נור אַ שמעק דערפון.

דיא ארבייטער אבער האבין אין דעם ניט געשוויגען, זייא האבען גאנץ גוט געוואוסט, וואס דער פּאַרלאַמענט מאכט דא, און דעריבער אין אללע ציטונגען און ביכלאך, אויף אללע פערזאממלונגען און מאַני-פעסטאַציעס האבין זייא דערמאנט דער רעגיערונג, אז כל זמן זייא וועלין ניט קריגין קיין פאָלקאָמע וואַהלרעכט, וועלין זייא ניט אופהערין צו שטרייטען: און אויב די רעגיערונג וויל ניט געבין מיט גוטען וועט זיא געבין מיט בייזען.

ענדליך אין אַפּריל 1893-טען יאהר האט גיפּלאַצט בייא דיא ארבייטער די געדולד. זייא איז שאָהן מיאוס גיווארדין, זייא האט שאָהן דערעססין צו צוזעהן, וויא דיא דעפּוטאַטען זוכען אללע קונ-צען וויא ניט צו געבין קיין וואַהלרעכט. דיא ארבייטער האבין איצט באמערקט, אז זייא זיינען שאָהן גענוג שטארק ארוסצוטרעטין אופין פלאַץ אום צו דערשלאָגין זיך דאס וואַהלרעכט אין אַ אָפּפענעם שטרייט. זייא האבין באקלאָרט צו ווענדין זיך צום זעלבען מיטעל, צו וועלכין זייא האבין זיך שאָהן אַ מאהל גיווענד צו אַ אללגעמיי-נעם שטרייק, וועלכער האט זייא שאָהן מיט 2 יאהר צוריק אזוי פיעל נוטצען געבראכט. דער שטרייק פון 1891-טען יאהר האט גענייטהה דיא דעפּוטאַטען זיך צו נעהמען צום איבערזעהן די קאָנ-סטיטוציאָן. אַ נייער און אַ מוראדיגער שטרייק וועט ווידער נייטהען דיא דעפּוטאַטען צו ענדיגען די אנגיהייבענע ארבייט — צו געבין דיא ארבייטער וואַהלרעכט.

די ארבייטער פּארטייא האט זיך גינומען צוגרייטען צום שטרייק, וועלכען זיא האט יעצט גיוואָלט אנהייבין, און איהרע אללע פּארברייי-טונגען זיינען גלייך פארטיג גיוואָרין. דער ראטה פון פּארטייא האט ארוסגילאָזין אַ אופרוף צו דיא ארבייטער, **מאן זאלל איי-בערלאָזען וואַרפען די ארבייט אוף אזוי לאַנג, ביז דער פּארלאמענט וועט ניט דורכפיהרען דאס**

# אללגעמיינע וואהלרעכט.

דיא ארבייטער, וויא עס שיינט, האבען מעהר ניט גיווארט אוף דעם: זייא האבען באלד אומעטום גיווארפען דיא ארבייט. פּוסט זיינען גיווארען מיט אַ מאהל דיא אללע קוילען גריבער, פאַבריקען, געווערקשאַפטען. דיא רעדער רוישען ניט מעהר, דיא מאַשינעס קלאַפּען ניט, דיא קעסלען הושען ניט, דיא ארבייטער לויפען ניט... שטיל איז אומעטום וויא אין קבר'... אנשטאט צו גיין אין פאַבריק, האבען זיך דיא ארבייטער ארויסגעשאָטען אוף דיא גאססען. דיא אללע רייכע, שאָהן אופגעפּוצטע גאססען, אוף וועלכע עס שפּאַצירען געוויינליך דיא רייכע גראָבע פוילער, זיינען איצטער גיוועזן אנגעפּיקעוועט מיט פארשווארצטע, אויסגידארטע ארבייטער. דאָ מארשירען זייא דורכין גאסס מיט ראָטהע פֿאָנעס אין דיא האַנד, דא קלייבען זייא זיך צוזאממען ערגעץ וואו אוף אַ פלאַץ, וואו דיא פאָלקס-רעדנער האלטען פאר זייא רעדעס; דא ווידער שטייען זייא בייא דיא רעגיערונגס הייזער און פערקלינגען דיא גאססען מיט זייערע קולות: „עס זאָל לעבען דאס אללגעמיינע וואהלרעכט!" „עס זאָל לעבען דער אללגעמיינער שטרייק!"....

אין פערלויף פון 2-3 טאָג האט אוסגיוואקסין די צאָהל פון דיא קאָמפּפער פאר דאס וואַהלרעכט ביז 250 טויזענד מאן! דיא ארבייטער האבען גיזעהן, אז אוף די מינוט שטייט די וועלט: אָדער איצטער, אָדער קיין מאהל ניט! און דאס האט זייא נאָך מעהרער בעגייסטערט, דאס האט זייא גימאכט נאָך מוטהיגער און ענערגישער.

די רעגיערונג האט גאר ניט גיקאָנט טהאָן געגען אזא באוועגונג, וועלכע ס'האט פארחאפּט דיא גאנצע בעלגישע ארבייטער מאססע. די בורשואַזיע האט אוך פארשטאנען, אז דא שמעקט ניט גוט און האט שאָהן געוועלט, וויא עס איז דורכמאכין, די רעגיערונג, דען אמת זאָגענדיג, האט אפילו פון אנפאנג אן צונופגיזאממעלט דיא גאנצע חיל אין דיא גרויסע שטאָד און איבערהויפּט אין הויפּטשטאָדט, זיא האט אפילו פארבאָטין דיא מאַניפעסטאַציעס, האט פערהאפטעט דיא הויפּט „בונטאָווש̇ציקעס" און ד. ג., אבער דיא אללע מיטלען האבען גיהאָלפין וויא אַ טויטען באַנקעס, עס האט נאָך, פארקעהרט, מעהר אויפגעהיצט די מאַססע. דיא ארבייטער האבען ניט געקוקט, וואס עס איז פערבאָטען און זייא זיינען פעסט געשטאנען, מאן זאָלל ציהען דען שטרייט ביז'ן סוף.

אין פיעלע אָרטער האט זיך אנגיהייבין אַ בלוטיגער שטרייט צווי-

שען דיא ארבייטער, פון איין זייט, און דיא שואַנדאַרמען מיט
דער בורשוואַזיע „בירגער-וואַך" פון דער צווייטער זייט. איבער-
הויפט איז פאָרגעקומען אזא שטרייט אין „מאָנס" און „אַנטווער-
פען"! פון אזא שטרייט האט לייכט גיקאָנט ארוסקומען אַ בלוטיגע
מלחמה, נאָר דיא דעפּוטאַטין האבין זיך אין דער רעכטער צייט
געהאפּט און אונטער גיגעבין זיך. עס איז אפילו גיווען אנגיגרייט
א גרויסע מחנה, נאָר די רעגיערונג האט מורא גיהאט זיך צו באַ-
נוטצען דערמיט, ווייל ניט איין מאָהל האבין דיא זעלנער ארוסגע-
וויזען, דאס זייא פיהלען מיט דער ארבייטער פּארטייא. אַזוינע
זעלנער זיינען שלעכטע באשיטצער פאר דער בורשוואַזיע, און
די רעגיערונג האט גאַנץ גוט פארשטאַנען, אז מאַכען אַ שטרייט
מיט שואַנדאַרמען און מיט אַ שוואַכע בורשוואַזיע „בירגער-וואַך"
געגין אזא גרויסע מאַססע ארבייטער, צו וועלכע, קאָן זיין, וועלין
נאָך צושטיין דיא זעלנער, לאָהנט ניט. אט אזוי האט דער פּאַר-
לאַמענט זיך גימוזט אונטערגעבין ציטערנדיג פאר אַ אָפּפענטלי-
כען בונט.

מעהר ניט איין ויאָך האט גידויערט דער שטרייק און אין דיא
וואָך האבין דיא ארבייטער זיך דערשלאָגין דאס, וואס זייא האבין
יאהרען לאנג גיפאָדערט — דאס אלגעמיינע וואַהלרעכט. דאס איז
גיווען דען 18-טען אַפּריל 1893-טען יאהר.

וואַהלרעכט האבין געקראָגין אללע בירגער. נאָר דיא רייכע האַ-
בען איצט אוך ניט גיוועלט זיך פארגלייכען מיט דעם ארימען
ארבייטער, און דעריבער האבין זייא געמאַכט, אז דער וואס האט
קיין פאַרמאָגין, זאָל האבין 1 שטיממע; דער וואס האט אַ אייגענע
הויז, אָדער אַ אנדער פאַרמאָגין — 2 שטימען; דער וואס האט
גיענדיגט אַ אוניווערזיטעט אָדער אַנ-אנדערע העכערע בילדונג שו-
לע און האט נאָך דערצו אַ פאַרמאָגען — 3 שטימען; צו ליעב
דעם איז אוסגיקומען, אז אַ גרויסע מאַססע פון 837 טויזענד ארימע
לייט האבין גיהאט צו איינציגע שטימען און אַ קליינערע מאַססע
פון 500 טויזענד גבירים האבין גיהאט אין אללעגעמיינעם איין
מיללאָן צוויי הונדערט טויזענד (1.200.000) שטימען, ד. ה. מיט
גענויע 400 טויזענד שטימען מעהרער פאר דיא ארימע לייט. אוף
אזא אופין האט זיך דער בורשוואַזיער פאַרלאַמענט גוט באוואָ-
רענט, דאס דיא קאַפּיטאַליסטין זאָללען האבין מעהר שטימען,
וויא די איבריגע מאַססע, כדי די בורשוואַזיע זאָל זיכער קאָננען
אוסקלייבין איהרע דעפּוטאַטען און זאָל האבין פאר זיך אים פּאַר-

לאַמענט אַ רוב שטימען.

נור איבערהויפּט איז וויכטיג, וואס דיא ארבייטער האבין זיך דערשלאָגין וואַהלרעכט און קאָננען אוסקלייבין זייערע אייגינע דע-פוטאַטען. איצטער וועט שאָהן די בורשוואַזיע ניט זיין די איינציגע בעל-דעה אין מלוכה. דיא דעפּוטאַטען פון ארבייטער וועלין אים פּאַרלאַמענט ניט איינלאָזין די פּאָדערונג פון פּראָלעטאַריאַט און וועלין שטאָנדיג אנוועגדין דיא קראָפטין דורכצופיהרען אזוינע געזעטצען, וועלכע קאָננען בריינגען נוטצען דער ארבייטער מאַססע. אז דיא בעלגישע ארבייטער האבין זיך גיקאָננט דערשלאָגין שטים-רעכט, בשעת זייא האבין נאָך ניט גיהאט קיין פּאָרשטייער אין פּאַרלאַמענט, קאָננען מיר איצט געוויסס האָפּפען, אז זייא וועלין ניט אופהערין צו שטרייטען, ביז זייא וועלין ניט אוסבריינגען די צווייאיגע - און דרייאיגע שטיממען, וואס דיא רייכע האבין, ביז וואנען זייא וועלין זיך ניט דערשלאָגין נאָך גוטע געזעטצען פאר זיך.

---

# דיא ארבייטער פּארטייא פאר דיא וואהלען

דיא ערשטע וואַהלען, אין וועלכע דיא ארבייטער האבען אנטהייל גענומען, זיינען פּאָרגעקומען דען 1894-טען יאהר. צו דיא וואַהלען האט מאן זיך פריהער גימוזט צוגרייטען, מאן האט גימוזט גוט באטראכטען, וויא זיך מיט זייא צו באנוטצען, וואס פיר געזעטצען צו פּאָדערן פאר'ן ארבייטער קלאסס. צו ליעב דעם האבען דיא פּאָרשטייער פון דער ארבייטער פּארטייא געמאכט אַ פערזאממלונג אין ברוכסעל דען 15-טען יולי 1894-טען יאהר.

אוף דער פערזאממלונג וואר באשטימט, דאס די ארבייטער פּארטייא זאָל ארוסשטעלין איהרע קאַנדידאַטען אין אללע אָרטער, ווא נור זיא האט אַ היבשע ביסיל מיטגלידער. ווייטער האט די פערזאמ-לונג באשטימט, אז אללע ארבייטער קאַנדידאַטען, סייא אין דער צייט פון דיא וואַהלען, סייא אין דעם פאל, אז מאן וועט זייא אוס-קלייבין אין פּאַרלאַמענט, זאָללען שטיין פאר דיא פּאָלגענדע פּאָרע-דערונגען פון ארבייטער קלאסס.

אָט איז די פּראָגראַממע (דער לייסטער פון דיא פּאָדערונגען), וועלכע די פערזאממלונג האט באשטיממט.

דער ציעל פון דער ארבייטער באַוועגונג איז, אז דאס רייכטדום

און דיא פראדוקציאָנס-מיטלען זאלען געהערין צו אללע מענשין' זאלין ווערין אַנ-אללגעמיינער אייגענטהום. כל זמן עס עקסעסטירט אַ קאַפּיטאליסטישע וועלט אָרדנונג, כל זמן דיא ארבייטער האבין ניט קיין אייגענטהום און זיינען דעריבער געצוואונגען צו פארקויפען זיך פאר ארבייטס לאָהן, איז אונמאָגליך, דער ארבייטער זאלל זיין פרייא. כדי אין גאנצין צו בעפרייען דען ארבייטער-קלאסס, מוז מאן פערניכטען דיא צוטהיילונג פון דער געזעללשאפט אויף 2 געגענזאָטצליכע קלאַס-סען: קאַפּיטאַליסטען און ארבייטער. מאַן מוז דיא פּראָדוקציאָנס-מיטלען אויף וועלכע עס עקסיסטירט היינט פּריוואַט-אייגענטהום, מאַכען פאר געזעללשאפטליכען אייגענטהום. כדי צו עררייכען דאס, דאַרף דיא ארבייטער-קלאסס אנווענדין אללע מיטלען, וועלכע ס'איז נאר מאָגליך, און איבערהויפּט דאַרף ער שטאָנדיג פיהרען א פּאָליטישען קאַמפּף, א קאַמפּף אום צו באקומען דיא רעגיערונגסמאכט אין דיא אייגענע האַנד. דאס איז דער לעטצטער ציעל פון דער בעלגישער אַר-בייטער פּאַרטייא, דער ציעל, צו וועלכען עס שטרעבין אללע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּארטייען פון אונזערע לאַנדער.

אוסער דעם סטארעוועט זיך נאָך דיא בעלגישע ארבייטער פּארטייא, גלייך וויא אללע איבריגע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּארטייען פון אנ-דערע לאָנדער, צו פארבעססערן דיא ארבייטס-לאגע אוך בייא איצטי-גער וועלט-אָרדנונג. זיא ווייס גאנץ גוט, אז היינט מאָרגין וועט זיך נאָך ניט ענדיגען דער קאַמפּף אום דען לעטצטען ציעל, און אייב מאן זאל צולאזין דיא פאבריקאנטין טאהן מיט דיא ארבייטער, וואס זייא ווילין, וועט דיא אַרבייטער זיין זייער שווער און ביטער. זיא ווייס גאנץ גוט, אז אייב דיא ארבייטער ווערין זיך ארופלאזין אופין קאָפּ און זיך ניט באשיטצען פון דיא דריקונגען פון דער בורשוואזיע, ערוואַרט זייא הונגער, קעלט, ליידען און צרות. נאָר דאַס איז נאָך וויניג.

דער יאָך פון דיא פאבריקאנטין אוסער, וואס ער נעהמט צו ביים ארבייטער זיינע קראָפטין, נעהמט ער נאָך צו בייא איהם דיא פיהיג-קייט צום שטרייט פיר זיין בעפרייאונג. אויסגעמאטערטע פון הונגער און צרות, אונוויססענדע און פארשלאָגענע ארבייטער זיינען ניט פיהיג צו קיין שטרייט; זייא ווערין אללעס גלייכגילטיג אריבערטראגין און שווייגען. כדי פּטור צו ווערין פון דיא אונמענשליכע הארעוואניע, כדי צו ווערין זעלבסטשטאָנדיג, ענטוויקעלט, מוטהיג און פיהיג צום שטרייט פאר דיא בעפרייאונג, מוזין דיא ארבייטער פריהער פון אליץ גרינגער מאכין דיא משא, וואס דער קלאסס קאַפּיטאַליסטען האט אויף זייא א-

רופגעלייגט, זייא מוזין פארבעססערין זייער לאגע נאָך בייא דער יעטצטי-
גען וועלט-אָרדנונג.

דעריבער האט דיא פֿערזאממלונג גיקלעהרט וועגין דעם, וועלכע
פאָדערונגען מאן זאל שוין ארוסשטעלין און האט ארוסגישטעלט אַ גאנ-
צען לייסטער פון דיא נאָהענסטע פאָדערונגען. מיר ווערין בריינגען
איינינגע פון זייא.

דיא ארבייטער-פארטייא פאָדערט, אז וואהלרעכט זאל מאן געבין
יעדער בירגער, וויא נאָר ער ווערט אלט 21 יאהר, ווייל פון 21 יאהר
אן הייבט שאהן דער בירגער אן צו טראגין אוף זיך אללע חובות צו
דער מלוכה. ער דיענט ביא דיא זעלנער, צאהלט אבצאהלונגען, טראגט
אריבער נאָך פיעלע שוויערינקייטען און דעריבער איז דער יושר, אז פון
21 יאהר אן זאל ער ניט זיין נור א ציג צום פגרן, א בירגער צו אב-
צאהלונגען און ניט מעהר. פאר דיא רייבע, פארשטייט זיך, איז אזא
געזעטץ גיוועזן גאנץ גוט, ווייל רייבע בכלל זיינען וויינינגער וויא ארעמע,
דעריבער האט דער רייבער קלאסס גאנץ וויינינג פארלארען דערמיט,
וואס זייערע יונגע לייט האבין קיין שטים-רעכט ניט. דיא ארבייטער
אבער האבין צוליעב דעם פארלארין צעהנדלינגע טויזענדער שטיממען.

ווידער פאדערט דיא פארטייא, דאס קינדער זאל מאן אומזאנסט לער-
נען אין דיא שוהלען וויא אין דיא נידעריגע אזוי אוך אין דיא מיטעלע
און העכערע און דיא עלטערן זאלין זיין מחויב צו שיקען זייערע קינדער
אין דיא שוהלען, לכל הפּחות אין דיא נידעריגע, וואו מאן קען קריגען
דיא נייטהיגסטע בילדונג. דיא שילער פון דיא נידריגע שוהלען זאלין
אוסגיהאלטין ווערין אוף דיא קאָסטין פון דער מלוכה. וואס פיר גרויסע
נוטצען דאס געזעטץ וועט בריינגען דעם ארבייטער קלאסס, איז לייכט
צו פארשטיין. צווישין דיא ארבייטער אין בעלגיען געפינען זיך נאָך עד
היום זייער פיעל אזעלכע, וואס קאָננען ניט שרייבען און ניט לייענען
און דאס איז צוליעב דעם, ווייל דער ארבייטער איז ארעם און איז ניט
אים שטאנדע צו צאהלען קיין לעהרער, צו קויפין ביכער פאר זיינע קינ-
דער. איבערהויפט איז איהם שווער צו געבין עססען זיינע קינדער דיא
גאנצע צייט פון דער לעהרע. דעריבער זעהען מיר טאקי, אז שטאט צו
גיין אין שוהל, גייען דעם ארבייטערס יונגע קינדער אופין פינסטערע
פאבריק; שטאט צו הערין עפּעס א קלוגען וואָרט פון א לעהרער, הע-
רען זייא קללות מיט חרמות; שטאט צו טראגין אין דער פריה א פּע-
קעלע ביכער אונטערן ארעם, טראגין זייא א קריגעלע מיט א שטיקעלע
טרוקענע ברויט; שטאט צו אטהעמען פרישע לופט, אטהעמען זייא פּוי

מיט רויך ערגעץ וואו אין א שטיינקוילען-גרוב, נאר צו פארדיענען דיא שטיקיל ברויט. פאַרברייננגענדיג דיא יונגע יאהרען אין אזא אַרט לעבין, בלייבט דער ארבייטער אונוויססענד און פארלירט נאָך גאנץ פריה זיינע כחות. און דעריבער פאדערט דיא סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאַרטייא, אז דיא מלוכה זאל לעהרנען און אוסהאלטין אומזיסט דעם ארבייטערס קינדער, כדי דיא ארבייטער-מאכסע זאל זיך אוך קאָננען בילדען און זאל קאָננען פארהיטין דיא יונגע כחות אוף שפעטער.

דיא ארבייטער פארטייא פאָדערט ווידער, דאס דיא מלוכה זאל ארוס-געבין אזעלכע געזעטצין, וועלכע זאלי פארהיטין דיא געזונד פון אללע ארבייטער, גרויסע און קליינע מאנסלייט און פרויענצימּמער. ביז אהער איז אין בעלגיען כמעט גאר ניט גיווען אזעלכע געזעטצין. דיא בעלי בתים האבין גירעכינט דעם ארבייטערס לעבין און כחות פאר זייער איי-גענטהום און האבין גימאכט דערמיט, וואס זייא האט זיך גיוואלט. דאס געזעטץ האט זייא ניט גישטערט. אמת, דיא ארבייטער-פעראיינין הא-בין צוליב זייער שטאָנדיגען שטרייט מיט דיא בעלי-בתים זיך עפעס יאָ דערשלאָגין, נאר דאס איז נאָך גאר ניט. ערשטינס זיינען ניט אין אללע אָרטער און ניט אין אללע פראָפֿעססיאָנען דא פעראיינען, און אזעלכע ארבייטער, וואס האבין ניט קיין פעראיינען, זיינען מיט קיין זאך ניט גיווען באשיטצט פון דיא בעלי בתים'ס דריקונגען; צווייטענס ניט אללע מאהל קאָננען דיא ארבייטער פעראיינען אוספיהרען. דער בעל הבית גיט זיך נור דאנן אונטער, ווען דיא גישעפטין גייען איהם גוט, ווען יעדער שטרייק קאָן איהם אנמאכין גרויסע שאדען. ווען דיא גישעפטין גייען אבער ניט אם בעסטין, ווען דיא סחורה פארקויפט זיך שווער אדער גאר ניט, נעהמט דער פאבריקאנט און מעקט אפ דען גאנצין חשבון מיט דיא וואָרטער: „האסט דוא בייא מיר אַ עולה", ער נעהמט צוריק דיא אללע פארבעססערונגען, וואס דיא ארבייטער הא-בין זיך דערשלאגין מיט זייער שטרייט.

דעריבער זיינען דיא פעראיינען אליין נאָך וויניג. דיא ארבייטער מוזין האבין, דאס דאס געזעטץ זאל זייא באשיטצין. דאס געזעטץ קאָן פארהיטין אללע ארבייטער פון פארשיעדענע לאָנדער; דאס געזעטץ קאָן פארהיטין דיא ארבייטער אין יעדער צייט, וויא אין דיא גוטע, אזוי אין דיא שלעכטע. איבערהויפט פאַדערן דיא ארבייטער, מאן זאל פאר-קלענערין דען ארבייטס טאג ביז ׳ שעה אין מעת לעת און פאר יונגע ארבייטער פון 4 ביז 18 יאהר ביז שעה. דיעזע פאָדערונג איז דיא וויכטיגסטע פון אללע, וואס זייא האבין ארוסגישטעלט צו באשיטצין

דיא ארבייטער. ארבייטענדיג 8 שעה אין טאג, פערלירט דער ארבייטער ערשטינס זיינע קראַפטין ניט אזוי גיך און צוייטינס בלייבט איהם גענוג צייט אויף אָפּרוה און אנדערע פערגניגין. אויסער דעם, צוליעב דעם, וואס דער ארבייטס־טאג ווערט קלענער, ווערט גרעססער דיא שכירות, דען דאס איז שאהן אַ אלטער כלל, אז דיא שכירות זיינען דעסטאָ גרעססער, יע קלענער ס'איז דער ארבייטס-טאג.

דער קורצער ארבייטס-טאג, דאַרף מאן ווידער ניט פארגעסין, גיט דעם ארבייטער מעהר צייט צו לעזין ביכער, ענטוויקלען זיך און דערמיט אליין ווערט שאהן דער ארבייטער פיהיגער צום שטרייט, ווייל ער פארשטעהט בעססער זיינע אינטערעסין. דיא ארבייטער וועט איצט בלייבין מעהר צייט צו לערנען זיך, צו באקלערין זייער לאגע, צו מאכין אַ בעטער פערזאממלונגען, אויף וועלכע מאן וועט באטראכטין דען שטרייט מיט דיא בעלי בתים און דער רעגיערונג.

זייער גרויס און וויכטיג זיינען דיא נוטצען, וואס דער 8 שעה'דיגער ארבייטס טאג קאָן ברייגגין. נאָר דערצו, פארשטייט זיך, איז נאָך נייטהיג, דאס געזעטצין זאל ניט בלייבין קיין פּ־אָסטע שטיקיל פּאַפּיער, ס'איז נייטהיג, דאס דיא בעלי בתים זאלין איהן היטין. יעדערער וויים, וואס פיר קונצין דיא פאַבריקאַנטין מאכין, נאָר ארויסצודרייהען זיך פון אזא געזעטצ'ן, וואס קאָן ברייגגין שאדין זייער קעשענע. אוב מאן וועט זיך פארלאזין אויף זייער יושר, וועט קיין מאהל קיין סוף ניט נעהמען פון ארבייטערס צרות. דעריבער פאדערן דיא בעלגישע ארבייטער, מאן זאל מאכין **פאבריצנע אינספעקטארען**, וועלכע זאלין אויפקוקין, דאס דיא פאבריקאנטין זאלין היטין דען דין וועגין 8 שעה'דיגען ארבייטס-טאג. אבער דיא פאבריצנע אינספעקטאָרען זאלין ניט זיין קיין בעאַמטע, אויסגיקליבענע פון דער רעגיערונג, נאָר דיא ארבייטער אליין זאלין זייא אויסקלייבין, ווארום דאס פארשטייען דיא בעלגישע ארבייטער גאנץ גוט, אז דיא רעגיערונג, וואס פארהיט זייער דעם פאבריקאנטס קעשענע, וועט אויסקלייבין אזעלכע אינספעקטאָרען, וואס וועלין אללעס זעהען, הערען און שווייגען. ניט אזוי וועט אבער זיין, ווען דיא ארבייטער אליין וועלין אויסקלייבין פאבריצנע אינספעקטאָרען: זייא וועלין שאהן אויסקלייבין אזעלכע מענשין, וועלכע זיינען באוואוסט פאר אָרדענטליכע און ריכטיגע באשיטצער פון ארבייטער-קלאסס.

דיא בעלגישע ארבייטער-פארטייא זאָרגט אויך וועגין דיא אלטע אר-

ביטער, וואס זיינען שוואַך און האבין קיינע קראֶפּטין ניט צו פֿארדיענין פאר זיך לעבענס-מיטלען. כדי צו פאַרזאָרגין זייא, פאָדערט דיא ארביי-טער-פאַרטייא, מאן זאל דיא ארבייטער **אססעקורירען אויף דער עלטער.** וואס איז דאס אַססעקורירען? איהר האט געוויסס געהאָרט, אז עס זיינען דא אזעלכע געזעללשאַפּטען, וואו מאן אססעקורירט הייזער פון אַ שרפה. אט וויא דאס פיהרט זיך: אללע, דיא וואס אססעקורירען זייערע הייזער, צאהלין אַ געוויכסע סוממע געלד יאָהרליך. פון דיא אל-לע געלטין קלייבט זיך אויף אַ קאַפּיטאַל, פון וועלכעס מאן נעהמט געלד צו באצאהלין יענעם, וואס האט גיהאט שאדין פון שרפה. פונקט אזעלכע געזעללשאפּטען גרינדעט מאן אויך וואו יעדער ארבייטער זאָל זיך אססעקורירען, אז אויף דער אָלטער זאָל מאן איהם ארוסגעבין פון קאַפּיטאַל אויף מיטעלס לעבען. נאָר פון וואנען וועט זיך דאס נעהמען דער קאַפּיטאַל? דער ארבייטער קאָן ניט אוועק געבין דען לעצטין גראָ-שען אין געזעללשאַפּט. היינטיגער טאג איז ביא איהם פריהער וויא דער מאָרגענדיגער. ער קאָן ניט ליידען איצטער קיין הונגער, וואס איז, ער וועט אויף דער אָלטער האבין אַ שטיקיל ברויט! דעריבער פאָדערט דיא בעלגישע ארבייטער-פאַרטייא, אז דיא מלוכה מיט דיא פאַבריקאַנ-טען זאלין העלפין דיא ארבייטער צאהלין אין דיא אַססעקוראַנס-גע-זעללשאַפּטען. דיא זעלביגע פאַבריקאַנטין, פאר וועלכע דיא ארבייטער האבין גילאָזין דיא כחות, דיא זעלביגע פאַבריקאַנטען, וועמען דיא ארבייטער האבין מיט זייער שוויים און בלוט רוטה גימאכט, גראָב גי-מאכט און דיק גימאכט! . . .

אוסער פאר אלטע, פאָדערט נאָך דיא בעלגישע ארבייטער-פארטייא אַ געזעללשאַפּט, וואו דיא ארבייטער זאָלין זיך אססעקורירען **אויף א אונגליקס-צופאלל בייא דער ארבייט.** אזוינע געזעלל-שאַפּטען, פאָדערט זיא, זאלין אין גאנצען אוסגיהאלטין ווערין אויף דיא בעלי בתים'ס חשבון, ווארום ווער דען, אז ניט זייא, זיינען שולדיג אין דעם, וואס דער ארבייטער פארלירט בייא דער ארבייט אַ האנד, אַ פוס און ד. גל. זייא דיא בעלי בתים, צוליב עטליכע רו״ב, וועלכע ס'דארפין קאָסטין דיא פארהיטונגס-מיטלען, זיינען מפקיר מיטין ארבייטער.

אוסער דעם פאָדערט נאָך דיא ארבייטער-פאַרטייא בעזאָנדערע גע-זעטצע, וועלכע זאָלין נייטהין דיא פאַבריקאַנטען צו פאַרהיטין דיא אר-בייטער פון אונגליקען, וועלכע טרעפין בייא דער ארבייט.

אט דאס זיינען דיא וויכטיגסטע געזעטצע, וועלכע דיא בעלגישע ארבייטער פאַרלאנגען צו פאַרבעסערין דיא לאַגע פון פאַבריצנע ארביי-

טער. נאָר כדי צו באַשאַפין אזעלכע געזעטצע און כדי דיא געזעטצע זאָלין אין אמת'ן קאָננען ברייגגין נוטצען, דאַרף מאן ריכטיג וויסין דיא לאגע פון דיא ארבייטער; מאן דאַרף וויסין, אין וואס פיר געזעטצען דיא ארבייטער-מאַססע נייטהיגט זיך און וועלכע עס קאָננין איהר נוטצין ברייגגין. דעריבער פאָדערט דיא בעלגישע ארבייטער-פאַרטייא, מאן זאל גרינדין אַ נייע מיניסטערסטווע, מיניסטערסטווע פון ארבייט, וועלכע זאל זארגין וועגין דיא, וואס האָרעווען, זאָל אונטערזוכען זייער לאגע און זעהען אוסצוארבייטען גוטע געזעטצע פאר זייא.

דיא בעלגישע ארבייטער-פאַרטייא פאָדערט אוך געזעטצע, וועלכע זאלין פאַרבעססערין דיא לאגע פון דאָרפישע ארבייטער, פון דיא קליי-נע פאַכטערס און בויערן.

אופין סוף וועלין מיר דערציילין וועגין נאָך איינע אַרט וויכטיגע פאָ-דערונג פון דער בעלגישער ארבייטער-פאַרטייא, וועלכע זאָל פארלייכ-טערן דיא לאגע פון דער גאנצען ארעמען קלאסס. אט וואס זיא פאָ-דערט: עס זאָלין אָבגיאָנדערט ווערין אללע אבצאהלונגען אוף דיא עס-סענוואַרגען, ווייל פון דיא אללע אבצאהלונגען ווערין טהייערער דיא פראָדוקטין, וועלכע דיא ארעמע קלאַסס פאַרברויכט. שטאט דעם זאל מאן איינפיהרין אַ אבצאהלונג פון דיא הכנסות פון דיא רייכע, און דיא אבצאהלונגען דארפין זיין אזוי איינגירכט, אז וואס יענער איז רייכער דאַרף ער אללעם צאהלין אַ גרעססערין פראָצענט פון זיין הכנסה.

אט וואס דיא בעלגישע ארבייטער-פאַרטייא וועט פאָדערן, אום אוס-צובעססערין דעם ארבייטערס לאגע, אט פאר וועלכע געזעטצען וועלין שטיין דיא פאָרשטייער פון דיא ארבייטער אים פאַרלאַמענט.

דער ברוססעלער קאָנגרעס האט באוויעזין, אז דיא בעלגישע ארביי-טער פאַרטייא וייס, וויא אין נאָך וואס זיך צו באנוטצען מיט דעם וואהל-רעכט.

„שטרייט געגין דעם בורשוואזנעם פאַרלאַמענט" האט גיזאגט אנסעלע אין זיין לעטצטער רעדע. „שטרייט געגין בורשוואזנעם פאַרלאַמענט" האבין איבערגיחזרט דיא בעגייסטערטע 100 מיטגלידער פון קאָנגרעס. דיא פראָגראַממע, וועלכע דער קאָנגרעס האט אויסגיגעבין, האט פיעל פאַרגרינגערט דען קאַמפף מיט דעם בורשוואזנעם פאַרלאַמענט, ווייל זיא האט צוגיצויגין צו דער פאַרטייא צעהנדליגע טויזענדער נייע מיטגליע-דער, וועלכע זיינען גיגרייט צו קאָמפּפין פאר זייערע רעכטע ביז'ן לעטצטען טראָפּפען בלוט.

---

# דיא קרעפטין פון דער ארבייטער־פארטייא

בעפאָהר מיר וועלין דערציילין וועגין דיא וואהלען פון אָקטאָבער 1894-טען יאהר, מוזין מיר אַ קוק טאָן אויף דיא קראָפטין פון דער ארבייטער פאַרטייא.

פאר דיא וואהלען האט מאן גיקאָנט צונופציילין ביז 104 טויזענד מיטגלידער ארבייטער, ד. ה. אז כמעט אַ זעקסטער טהייל פון גאר דיא בעלגישע ארבייטער האבין גיהערט צו דער ארבייטער-פאַרטייא. אוסער דעם עקסיסטירען נאָך אין בעלגיען - וויא מיר האבין שאהן פריהער גיזאגט - געווערקשאַפטס פעראיינען. יעדע געווערקשאַפט האט זיך איהר פעראיין, צו וועלכעם עס גיהערין דיא ארבייטער נאָר פון דער מלאכה. דיא מיטגלידער פון פאַרטייא זיינען דאס רוב אויך מיטגלידער אין דיא געווערקשאַפטס פעראיינען. אין 1892-טען יאהר זיינען גיוועזן ביז 70 טויזענד פעראייניגטע ארבייטער.

נור פון דיא ציפערן קאָן מאן נאָך ניט ריכטיג שליסין וועגין דיא קראָפטין פון דער פאַרטייא און דיא פעראיינען, ווייל צו זייא גיהערין דיא ענטוויקעלסטע ארבייטער. זייא זיינען דער טהאָטיגסטער טהייל פון פראָלעטאַריאַט און מאכין אַ גרויסע ווירקונג אויף דיא איבריגע, וויי-ניגער ענטוויקעלטע ארבייטער. עס גיפינין זיך פיעלע ארבייטער, וועל-כע אין אַ גיוויינליכע צייט זיינען, דאכט זיך, גאנץ גלייכגילטיג צו אללע מיני פאַרטייען, וויא אבער, ס'הייבט זיך אויף אַ שטרייט, שטייען זייא גלייך צו צו זייערע פעראייניגטע און אָרגאַניזירטע ברידער. דאס קאָן מאן ארויסזעהען אין יעדעם שטרייק. גיוויינליך פאַנגין אן דען שטרייק אזעלכע, וועלכע זיינען אָרגאַניזירט און פעראייניגט. קוים אבער האט זיך דער שטרייק אנגיפאַנגין, שטייען צו איהם צו פיעלע, וועלכע זיינען פרי-הער ניט גיוועזן קיין מיטגלידער פון פעראיינען. דאס זעלבע איז אויך אין בעלגיען גיוועזן. ווען דיא ארבייטער-פאַרטייא האט אין 1893-טען יאהר אויפגיפאָדערט דיא ארבייטער אויף אַ שטרייק פאר דאס וואהל-רעכט — וויא מיר ווייסין, האבין אין דעם שטרייק אַנ-אנטהייל גינומין ביז 250 טויזענד ארבייטער, ד. ה. אין $2\frac{1}{2}$ מאל מעהרער מענשין, פיעל מיט-גלידער עס זיינען גיוועזן אין פאַרטייא.

איבערהויפט זיינען פיר דיא ארבייטער וויכטיג גיוועזן דיא „גע-ווערבס און פערצעהרונגס געזעללשאַפטען."

דיא „געווערבס געזעללשאַפטען" באשטייען אט אין וואס. דיא מיטגלידער פון געזעללשאַפט מאכען אליין וואסער ס'איז פיר אַ סחורה. קיין בעלי בתים, וועלכע זאלין דינגען און צאהלען איז ניט דאָ. דער בעל הבית איז די געזעללשאַפט אליין. אללערלייא געצייג, וועלכע מאן דארף האבין צום אוסארבייטען סחורה, אללערלייא-געווערבס-מיטלען; אללערלייא געביידעס (בנינים) אין וועלכע ס'ווערט גיארבעט, גיהערן ניט צו יחידישע מענשען, נאָר צו דער גאנצער געזעללשאַפט. עס פארשטייט זיך דעריבער, אז יעדער ארבייטער, אוסער וואס ער באקומט ארבייטסלאָהן, האט ער נאָך אַ טהייל אין דיא פארדיענסטען, וואס גייט אוועק געוויינליך פאר דיא בעלי בתים. דיא ארבייטער זיינען דא אלליין בעלי בתים אוף זיך און פיהרען אליין אללעס, וואס בעלאנגט צו זייער געזעללשאַפט. דיא „פארצעהררונגס געזעללשאַפטען" ארבייטען אליין גאר ניט אוס. זייא קויפען נאר פארטיגע סחורה און פערקויפען דאס. פערברויכונגס געזעלשאַפטען, דאס איז פראָבט גירעדט, אַ געזעללשאַפטליכער געשאֶפט, פון וועלכעם אללע מיטגלידער נעהמען סחורה אופין זעלבען מקח, וואס דעם קרעמער אליין קאָסט, ווייל זייא אליין זיינען דיא קרעמער און דיא קויפער.

דיא געזעללשאַפטען אין בעלגיען האבען נאָך אַ גרויסען ווערטה דערמיט, וואס זייא געהערן אללע צו דער ארבייטער פארטייא, און אַ דריטעל פון דיא פערדיענסטען, וואס דיא געזעללשאַפטען טראגען, גיהערט צו דער בעלגישער ארבייטער פארטייא. אוסערדעם האבען דיא געזעלשאַפטען אייגענע בעקערייען, וואֶ מאן קאֶן קריעגען גוטע ברויט און דערצו ביליג. אין דיא גישעפטין, וואס גיהערן צו דיא געזעללשאַפטען, קאֶנן מאן קריגען אללערלייא עסענוואַרגען און נאָך נייטהיגע זאכען, וואס דער ארבייטער מוז האבין צום לעבען, וויא למשל, שובוואַרג, קליידער, בעהייצונג, וועש און ד. גל. אוכערדעם האבין זייא נאָך רעסטאָראַציעס, קאַפּינעס, און אנדערע אוך גאָר אַפּטייקען. אזוינע געזעללשאַפטען עקסעכטירען איבערהויפט אין דיא פונקטען, וואֶ די פראָדוקציאָן איז מעהר ענטוויקעלט. אין אללע שטאֶדט און דאֶרפער, וואֶ עס געפינט זיך אַ געניגענדע צאָהל מיטגלידער פון דער ארבייטער פארטייא. אין דיא גרויסע שטאֶדט, וואֶ ס'זיינען דא אַ גרויסע מאססע ארבייטער, וויא למשל, אין גענט, אַנטווערפען, בריססעל און ז. וו. טראָגין אזוינע געזעללשאַפטען יאֶהרליך פון 30 ביז 140 טויזענד רו'ב איין.

אלס מיטגלידער ווערין צוגינומען אללע, ווער נאָר עס שטימט איין מיט דער פּראָגראַממע פון דער ארבייטער פּארטייא. מאן דארף נאָר איינצאהלען 10-0ג קאָפּ. איינטרעט-געלד און אַ רו'ב 4 פּאָנד-געלד און מאן ווערט אַ מיטגליד. דיא 4 רו'ב דארף מאן ניט איינצאהלען מיט אַ מאהל גלייך וויא מאן טרעט אריין אין געזעללשאַפט: דאס רעכענט מאן דערנאָך אראָפּ פון דיא פארדיענסטען, וואס קומט אוס אוף זיין חלק. בייא אזא אָרדנונג קאָן אפילו דער ארעמסטע ארביי-טער ווערין אַ מיטגליד פון געזעלשאַפט.

דיא גרויס פון אזוינע געזעללשאַפטען און דער צאָהל פון איהרע מיטגלידער וואקסט פון יאהר צו יאהר. מעהר ניט וויא אין 6 גע-זעללשאַפּטען איז אין משך פון 4 יאהר (1893-1889) די צאָהל פון דיא מיטגלידער אוסגיוואקסען פון 13 ביז 30 טויזענד מאנן.

דיא געזעלשאַפטען זיינען וויכטיג פאר דער ארבייטער פּארטייא שאָהן דערמיט אליין, וואס אַ דריטעל פון זייערע פארדיענסטען גע-הערן צו איהר; ווען עס איז גרויסע נויטה, וויא למשל, אַ גרויסער שטרייק אָדער פאר דיא וואהלען, ווען דיא פּארטייא נייטהיגט זיך אין געלד, גיבין דיא מיטגלידער מיט פרייד אוועק פאר דער אר-בייטער פּארטייא אַ טהייל פון זייערע אייגענע פארדיענסטען. נאָר אוסערדעם, וואס דיא פּארטייא שעפּט כמעט גאר איהרע מיטלען פון דיא געזעללשאַפטען, זיינען זייא נאָך וויכטיג פאר איהר מיט דעם. וואס זייא ציהען צו פאר איהר נייע מיטגלידער. אַנאנדער ארבייטער, וועלכער טרעט אריין אין געזעללשאַפט מעהר ניט דער-פאר, וואס ער וויל האבען גוטע און בילליגע כהורות און באקומען אַ טהייל פון דיא פארדיענסטען, ווערט מיט דער צייט אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט. אין דיא סאַלאָנען פון דיא רעסטאָראַציעס, וואס גיהערן צו דיא געזעללשאַפט קומען אָפט פאר פערזאַממלונגען, אוף וועלכע דיא מעהר ענטוויקעלטע ארבייטער האלטין רעדען, אָדער וואָ דיא פאראייניגטע ארבייטער זיינען זיך מישב וועגין זייערע אינטערעסין. געפינענדיג זיך שטאַנדיג צווישען ענטוויקעלטע ארבייטער און בא-זוכענדיג דיא פערזאממלונגען, ווערט יעדער ארבייטער מעהר ענט-וויקעלט און הייבט בעסער אן צו פארשטיין די פּראָגראַממע פון דער פּארטייא, די וויכטיגקייט פון שטרייט פאר'ן ארבייטער-קלאַסס, און מיט דער צייט נעהמט ער אליין אוך אַטהייל אין דיעזעם שטרייט. דיא געזעללשאַפטען ווידער, גיבען ארבייט אזוינע ארבייטער, וועלכע מאן האט ענטזאגט דערפאר, וואס זייא האבען אַנטהייל

גינומען אין דער טהעטיגקייט פאר דער „ארבייטער פארטייא.“ אין קיין אָרט לײדט מאן ניט קיין אונרוהיגע קאָפּלעך, מאן האט זייער ניט ליעב אזעלכע ארבייטער, וועלכע ווילין עטוואס אָפּען מאַבען דיא אויגען פון זייערע ברידער און רופען זייא אויף אַ שטרייט געגין דיא בעלי בתים און דיא רעגיערונג. דיא בעלי בתים וואָלטען וועלין אזוינע אומרוהיגע ארבייטער אין גאנצען ענטזאגין, נאָר געגין אללעמען קאָנען זייא אזא מיטעל ניט אנווענדין! זייא זיינען זייער פיעל, און ווען מאן זאָל זייא ענטזאגען, דארף מאן צומאבען דיא פאַבריקען און געווערקשאַפטען. זייער גאנצען כעס לאָזין זייא דאריבער אוס צו איניגע, צו דיא בעסטע און ענטוויקעלסטע ארבייטער: זייא ענטזאגט מאן פון אומעטום: זייא וויל מאן אוסמאָרען פאר הונגער. דיא געזעללשאַפטען קומען דעריבער צו הילף אזעלכע ארבייטער. וועלכע ליידען פאר אַ כלל זאך און גיבין זייא ארבייט אין דיא געזעללשאַפטין, אום זייא זאָלין קאָנען טהאָן פארן כלל און וייטער פארשפרייטען צווישען דיא פינכטערע ארבייטער דיא ליכטיגע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אידעע.

אט צו ליעב דיא אורזאכען גיבען דיא געזעללשאַפטען צו קראָפּטין דער בעלגישען ארבייטער פארטייא.

מאן דארף ניט פארגעסין, אז דער ארבייטער קלאסס קאן זיך ניט בעפרייען מיט דיא געווערבס געזעללשאַפטען. דיא ארבייטער האבין ניט אזוי פיעל געלד, אז זייא זאָלין קאָנען מאבען אין אללע מלאכות אזעלכע געווערבס-געזעללשאַפטען. אפילו דיא גרעסטע בעלגישע געווערבס געזעללשאַפטען באשאָפטיגען זיך נור מיט איין מלאכה, מיט בעקערייא, ווייל אין דעם סאָרט ארבייט געפינען זיך נאָך ניט קיין גרויסע קאַפּיטאַליסטישע בעקערייען און דיא קליינע בעקערייען קאָנען ניט פערקויפען גוטע ברויט אזוי ביליג, וויא דיא געזעללשאַפטליכע, וואָ עס ארבייטען מאַשינען אויף פּאַרע. און צוליעב דעם, וואס קיינער קאָן מיט זייא ניט קאָנקורירען, ווערין דיא געזעללשאַפטליכע בעקערייען אללעס רייכער און גרעסער. ניט אזוי אבער קאָן גישעהן בייא אנדערע זאָרטען ארבייט, וואָ עס געפינען זיך גרויסע פאבריקען, וואָ עס ווערט אללעס גיארבייט מיט פּאַראָווע מאַשינעס. געגין אזוינע רייכע פאבריקאַנטין און אַ מאהל נאָך געגין גאנצע געזעללשאַפטען פון זייא קאָנען זיך דיא ארבייטער ניט שטעלין, און ווען זייא וועלין זיך יע שטעלין, וועלין זייא ניט קאָנען אוסהאלטין די קאָנקורענציע מיט זייא. די ארבייטער מאססע האט ניט

אזוי פיעל געלד, וויא דיא רייכע; זייא קאָננען מאכין נאָר קליינע פאַבריקלאַך, וועלכע דיא רייכע פאַבריקאַנטין וועט זיין גאנץ לייכט איינצושלינגען און חרוב צו מאכען. - דיא געזעללשאַפטען אלזאָ קאָנען עקזיסטירען נאָר דאָרטין, וואָ ס'זיינען נאָך ניט דאָ קיין גרויסע פאַבריקען און דאס הייסט, אז דיא גיזעללשאַפטען קאָננען מאכען זעלבסשטאָנדיג נאָר אַ קליינען צאהל ארבייטער. באַפרייען דיא גאנצע ארבייטער קלאסס האבין זייא בשום אופן ניט ביכולת. אוסערדעם, ווען מיר זאָלין זיך שאָהן פאָרשטעלין אז דיא ארבייטער מאססע האט אללע מיטלען, וואס מאן דארף צו עפענען גרויסע פאַבריקען, ווען מיר זאָלין זיך שאָהן פאָרשטעלין, אז זיא האט גינוג געלד און קאָן אין אללע סאָרטין ארבייט עפענען גיזעללשאַפטען, — נאָך מעהר, ווען מיר זאָלין זיך שאָהן פאָרשטעלין, אז דיא גי-זעללשאַפטען קאָננען גאנץ לייכט קאָנקורירען מיט דיא פריוואַט פאַבריקען און זייא ארוסשפארען וואס ווייטער אללעס מעהרער פון מארק, — קאָננען אפילו דאן דיא גיזעללשאַפטען אויך ניט באַפריי-ען דיא ארבייטער קלאסס. ווייל ווען יעדע געזעללשאַפט וואָלט זיך פארנומען מיט אַ באזונדערן סאָרט ארבייט און וואָלט אויך גימאכט סחורה, וויא עס טהוען היינט דיא פאַבריקען, וואָלט סוף-כל-סוף זיך אנגיהייבין דער זעלביגער טאַנץ, וועלכען מיר זעהין איצטער צווישען דיא קאַפּיטאַליסטען: ס'וואָלט זיך אנהייבין אַ קאָנקורענציע צווישען פארשידענע גיזעללשאַפטען; דיא רייבערע וואָלטין איינשלינגען דיא ארימע און דיא מיטגלידער פון ארימע גיזעללשאַפטען וואָלטען פון דאס נייע ווערין דיא זעלביגע ארימע לייט וואס אַ מאהל און זיך מוזען פארדינגען פאר ארבייטס-לאָהן בייא דיא רייבערע גיזעללשאַפטען. ס'וואָלטען ווידער אנגיפאנגען צו עקסיסטירען 2 קלאססען: אַ קלאסס רייכע בעלי בתים און אַ קלאסס ארימע ארבייטער. — דיא ארבייטער קלאסס קאָן נאָר דאן זיין פרייא, ווען אללע געווערב'ס מיטלין וועלין גיהערן צום כלל, דער גאנצער גיזעללשאַפט, ווען אללע פאַבריקען וועלין זיין גלייך וויא איין געוואַלדיג גרויסע גיזעללשאַפטליכע פאַבריק; זייא קאנען זיין פרייא, נאָר אין סאָציאַליסטישען וועלט-אָרדנונג.

אוסער דיא ארבייטער פעראיינען און גיזעללשאַפטען, וועגין וועל-כע מיר האבין פריער גירעדט, עקזיסטירען נאָך אין בעלגיען גי-זעללשאַפטען, וועלכע שטיטצען זייערע מיטגלידער, ווען יענע זיינען קראנק, אָדער גייען ארום אָן ארבייט. דיא גיזעללשאַפטען אָדער קאססעס געהערן אויך צו דער ארבייטער פארטייא. כל זמן דער

ארבייטער איז געזונד און האט וואָ צו פערדינען, צאהלט ער אין קאססע, כדי צו באקומען שטיטצע פון קאססע אין אַ נויט. פון דיא וואכער פון דיא מיטגלידער האבין דאס דיא קאססעס מיט וואס צו שטיטצען דיא באדירפטיגע און עס קומט דעריבער אוס, דאס דיא מיטגלידער שטיטצען זיך איינע דיא אנדערע און דערפאר טאקי רופען זיך דיא געזעללשאַפטען „הילפס געזעלשאַפטען"!

איבערהויפט האט די ארבייטער פארטייא אזוינע געזעללשאַפטין אין דיא שטאָדט געננעגאו און געענט. אין 1893-טען יאהר, למשל, זיינען גיוועזן אין געננעגאו 30 אזוינע חברות מיט 5400 מיטגלידער. זייער אללגעמיינעס פערמאָגען איז גיוועזן 12.500 רו'ב. אוסער וואס זייא האבין אוסגיגיבין אוף שטיטצע פאר זייערע מיטגלי-דער, האבען זייא נאָך אין יענעם יאהר אונטערגישטיטצט די פאר-טייא גופא אוף 800 רו'ב. אין געענט האבין זיך דיא אללע הילפס-חברות אין מאַרט 1890-טען יאהר פאראייניגט אין איין גרויסע חברה, וועלכע האט גיהאט 10 טויזענד מיטגלידער.

צו דער ארבייטער פארטייא גיהערן, ווידער פראָפּאַגאַנדאַ גע-זעללשאַפטען, וועלכע פאַרנעהמען זיך נאַר מיטין פארשפרייטען די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אידעע. דיא גיזעללשאַפטין אַרבייטין, גיוויינ-ליך, איבערהויפט צווישין אַרבייטער, נאָר איינינע פון זייא פאַרשפרייטין דיא סאָציאַל דעמאָקראַטישע לעהרע אוך צווישין בויערים, כמודענטין אפילו צווישין דיא זעלנער. צווישין דיא בעלגישע כמודענטין און גי-לעהרינטער קלאַסס, צווישין דיא לעהרער און פראָפּעסאָרין גיפינין זיך זייער פּיעל, וועלכע זיינין אנהיינגער פון דער ארבייטער-פאַרטייא. אין 1888 טען יאהר האבין דיא סטודענטין אין בעלגיען גיגרינדעט אַ גי-זעללשאַפט אונטער דעם נאמען „גיזעללשאַפט פון כאָציאַליסטין סטו-דענטין". צווישין דיא זעלנער האט זיך אוך גיגרינדעט אַ „יונגע סאָ-ציאַל-דעמאָקראַטישע גוואַרדיע", וועלכע פאַרשפרייט דיא כאָציאַל-דע-מאָקראַטישע אידעען צווישין איהרע ברידער זעלנער.

דיא פאָרשריטע פון דיעזער גוואַרדיע זיינען זייער גרויס, ווייל דיא בעלגישע אַרמעע באשטייט איבערהויפט פון ארעמער קלאַסס ארבייטער. דיא רייכע האבין אַ קנאַפּין השק צו דיענין פאַר זעלנער און קויפּין זיך דעריבער אוס מיט געלד, אדער שטעלין פאר זיך אנדערע ארעמע. דער בעלגישער זעלנער איז דער זעלבער ארימער ארבייטער, מעהר ניט אין זעלנערישע קליידער. איהם איז גרינגער צו פארשטיין דיא סאָ-ציאַל-דעמאָקראַטישע אידעע, ווייל ער טראגט איבער אוף זיין אייגענעם

קאַרק דיא גאנצע משא פון בורשוואזנים לאַסט. דער בעלגישער זעל-נער האט זייער ליעב צו לעזין א סאָציאַל-דעמאָקראַטישין ביכיל אדער א ציימונג; ער הערט מיט גרויס פארגניגין א סאַציאַל דעמאָקראַטישע רעדע, אין וועלכער עס דערוויזט זיך, וויא נייטהיג עס איז אומצוביי-טין דיא בורשוואזנע וועלט אָרדנונג. אָט דאס איז דיא אורזאַכע, וואס דיא „יונגע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע גוואַרדיע" מאכט אזוינע גרויסע פּאָרשריטע צווישין דיא זעלנער.

זיך האלטינדיג אוף אזוינע גרויסע ארבייטער פעראיינין, גיזעלל-שאפטין, הילפּס-חברות און פּראָפּאַגאַנדאַ-גיזעללשאפטין, איז דיא בעל-גישע ארבייטער-פּאַרטייא זייער גרויס און מאָכטיג. זיא איז שטארק צוליעב דיא גרויסע צאהל פארשטאָנדיגע מיטגלידער, וועלכע זיא האט, צוליעב דיא איינשטיממיגקייט, וואס הערשט צווישין זייא, און אויך צוליעב דעם, וואס יעדער מיטגליד איז גיגרייט מקריב צו זיין פאר דער פּאַרטייא זיין געלד, זיין צייט, זיין מיהע און אוב עס איז נייטהיג אין א בלוטיגעם קאַמפּף אוך דאס לעבין. דיא קראָפּטין פון דער ארבייטער-פּאַרטייא האבין זיך ארויסגיוויעזין אוף דיא וואַהלען פון אָקטאָבער 1894-טען יאהר.

---

## דער זיעג פון דער ארבייטער־פּארטייא אוף דיא וואהלען

אין אָקטאָבער 1894-טען יאהר האבין זיך דיא בעלגישע ארבייטער דעין ערשטין מאהל באנוטצט מיט זייער וואַהל-רעכט, און האבין גלאָנ-צענד אוף דיא וואַהלען געזיעגט.

עס זיינען אויסגיקליעבין גיווארין 28 סאָציאַל דעמאָקראַטין אין פּאַר-לאַמענט. און דיא קאַנדידאַטין, וועלכע דיא ארבייטער-פּארטייא האט ארויסגישטעלט, האבין גיקראָגין 350 טויזענד שטיממען; אין אללעמען גיפינין זיך אין בעלגישין פּאַרלאַמענט 152 דעפּוטאַטין, וועלכע האבין גיקראָגין אין אללעמען 1,800,000 שטימען, ד. ה. אז דיא סאָציאַל-דעמאָקראַטין האבין כמעט א פינפטע טהייל דעפּוטאטין אין פּאַרלאַמענט און האבין גיקראָגין א פינפטע טהייל שטימען.*

---

*) אָט ליעגען פאר אונז דיא ציפער פון דיא וואַהלען (וויבאָרעס) אין בעלגיען (אין יולי 1896-טען יאהר).

דער זיעג איז א זעלטענער, ווען מיר ווערן ניט פארגעסען דאס
חאָטשי אין בעלגיען עקסיסטירט דאס וואַהלרעכט. פון דעסטוועגין
זיינען דיא רעכטע ניט גלייך פיר אללעמען. דאן ווען דיא רייכע קאָנין
האבין 2 און 3 שטיממען, האבין דאס רוב ארבייטער ניט מעהר וויא
1 שטיממע; מעהר ניט אין דיא קליינע שטאָדטלאך און דאָרפער, וואו
דער ארבייטער האט דאס רוב א אייגינע הייזיל, קאָנין זיך גיפינין אר-
בייטער, וואס זאלין האבין 2 שטימממען אוך, און עס קומט דעריבער אוס,
דאס איין רייכער האט אזוי פיעל שטיממען, פיעל 2 אדער 3 ארבייטער,
אדער אנדערס גירעדט, א גיוויססע צאהל קאָן אוסקלייבין אין פאַר-
לאַמענט 2-3 מאהל וויניגער פאָרשטייער, וויא דיזעלבע צאהל רייכע.
דער בורשזואזנער פאַרלאַמענט האט דא א טעות גיהאט. ער האט גי-
מיינט, אז דערמיט, וואס ער וועט געבין דיא רייכע 2-3 שטיממען
אוף א מאהל, ווערין דיא ארבייטער ניט קאָננין אוסקלייבין אין פאַרלאַ-
מענט זייערע פאָרשטייער; דיא וואהלין אבער האבין דערוויזין, אז דיא
איבערגעבענהייט צו דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אידעע קאָן אב-
שטויסין אָפטער אזא הינדערניסס.

---

2 יאהר שפעטער נאך דיא ערשטע וואַהלען, האט מען (נאך דעם נייעם געזעטין
איבער וואַהלען-רעכט) געדארפט איבערבאַלאָטירען 77 דעפוטאַטען. פון דיא סאָ-
ציאַליסטישע דעפוטאטען האט מאן געדארפט נאך דעם גורל נאך איבערבאַלאָ-
טירען נור איינעם, וועלכען מאן האט טאקע ווידער אוסגעקליבין. מיט אנדערע
ווערטער, דיא נייע וואהלען זיינען אוסגעקומען גראד אין דיא געגענד, וואו דיא סאָ-
ציאַליסטין האבין ביי דיא ערשטע וואַהלען פון יאהר 1894 ניט גיהאט וויניגער
שטימטען וויא אומעדום.

וויא אזוי דער צאהל פון דער סאָציאַליסטישען פארטייא האט זיך אין 2 יאהר
פערגרעססערט אפילו אין דעם טייל לאנד, וואו דיא סאָציאַליסטין האבין אין אלל-
געמיין גיהאט וויניגער שטיממען וויא אומעדום, ווייזין אונז אָט דיא ציפער:

אין יאהר 1894 האבין דיא סאָציאַליסטין גיהאט 96.133 שטיממען,

אין יאהר 1896 האבין דיא סאָציאַליסטין גיהאט 209.577 שטיממען,

דאס הייסט מיט 113.444 שטיממען מעהר, מעהר וויא אין צווייען.

דיא קלעריקאַלען האבין געגען דעם יאהר 1894 פערלאָרין 11.000 שטיממען;
דיא איבריגע שטיממען, וועלכע דיא סאָציאַליסטען האבין אין דיא 2 יאהר גיווינען
זיינען גיוואָנען אוף דעם חשבון פון דיא ליבעראַלען, ד. ה. דיא שטיממען, וועלכע
דיא ליבעראַלען האבין אין דיא 2 יאהר אנגיווארין.

קיין נייע מאנדאַטין האבין דיא סאציאליסטין ניט באקומען, בייא דעם איבער-
באלאָטירען, מחמת דיא ליבעראלען האבין אויך גיגעבין זייערע שטיממען פאר
דעם קלעריקאלען קאנדידאט און צוליעב דעם האט ער גיהאט מעהר שטיממען.
נור וויא אזוי דיא סאציאליסטישע פארטייא וואקסט, קען מאן זעהען דערפון, דאס
זייא האבין אין 2 יאהר געוואוננען אזא סך שטיממען.

„דיא גאנצע לאַנד" — האבין גיקלאגט דיא דערשראָקענע קאַפּי־טאַליסטין אין דער צייט פון דיא וואהלען — איז אזוי אופגירעגט, גלייך וויא פאר א פאָלקס רעוואָלוציאָן! און אין אמת'ן האט דיא בור־שוואזיע דאן קיין מנוחה שעה גיהאט פון דיא סאָציאַל־דעמאָקראַטין. טאַג טאָגליך פלעגט דיא ארבייטער־פאַרטייא צוזאמענרופין אין אללע שטאָדטאלאך און דאָרפער גרויסע פאַרזאממלונגין. איהרע פאָרשטייער פלעגין ארומרייזין אין יענע געגענדין, וואו זייא האבין גירעכינט אוסגי־קליבין צו ווערין פאר דעפּוטאַטין, און פלעגין ערקלאָהרין דיא דאָרטי־גע איינוואָהנער דיא פאָדערונגין פון דער ארבייטער־פאַרטייא, וויא נייטהיג עס איז פאר'ן ארבייטער־קלאסס, דאס אזוינע פאָדערונגין זאָלין ערפילט ווערין און פלעגין ראטהין דיא ארבייטער אוסצוקלייבין פאָר־שטייער פון סאָציאַל־דעמאָקראַטין. אוסער דעם פלעגין נאָך דיא סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטין באזוכין דיא פערזאַממלונגין, וועלכע זייערע געגנער, דיא קאַפּיטאַליסטין, מאכין און פלעגין דאָרטין אָפינין דעם פאָלק דיא אויגין, דערווייזענדיג איהם, וויא פאַלש דיא קאַפּיטאַליסטין זיינין, וויא אונמאָגליך ס'איז, דאס דיא קאַפּיטאַליסטין זאָלין ערפילין דאס, וואס זייא זאגין צו, און וויא דיא ארבייטער דאַרפין זיך היטין ניט ארייננצופאַלין אין זייער נעטץ. וויא אין הויפּטשטאדט, אזוי אין דיא פארוואָרפענע ווינ־קאלאך, סיי אין דיא פאַבריצנע שטאָדט, סיי אין דיא געגינדין, וועלכע זיינין באוואָהנט מיט שטיינקוילין גראָבער, סיי צווישין דיא שטאדטיגע ארבייטער, סיי צווישין דיא בויערן, פלעגין זיך אללע טאג לאָזין הערין דיא פייערדיגע רעדעס פון דיא סאָציאַל־דעמאָקראַטין. אין אנדערע געגענדין פלעגין אָפט אין איין טאג פאָרקומין מעהר וויא 5) סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פארזאממלונגין. אין דיא דאָרפער פלעגין דיא פאר־זאממלונגין פאָרקומין איבערהויפּט זונטיג, גלייך נאכ'ן קירכע. פון בריססעל און אנדערע גרויסע שטאָדט פלעגין זיך אללע זונטיג ארומ־לאזין אוף וועלאָסיפעדין 20-25 סאציאל־דעמאָקראַטין אין דיא ארו־מיגע דאָרפער, פלעגין טהיילין סאָציאל־דעמאָקראַטישע ביכלאך יענע, וועלכע גייען אין קירכע, און פלעגין זייא בעטין צוריקגייענדיג אַ אנ־טהייל נעהמין אין דיא פארזאממלונגין, וועלכע וועלין שפּאָטער פאָר־קומין. אוסהערינדיג דיא מוסר פון גייסטליכין, פלעגין זייא מאַססענווייז גיין הערין דיא רעדעס פון דיא סאָציאל־דעמאָקראַטין, וועלכע פלעגין מאכין זייערע פארזאממלונגין ניט וו״יט פון קירכע. אין פילע אָרטער האבין דיא סאָציאל־דעמאָקראַטין איבערצייגט דיא בויערים אין דעם, אז דיא ארבייטער־פארטייא און טאקי נאָר זיא וויל און קאָן העלפין דעם גאַנצן [illegible] אין יודישן פאָלק, [illegible] בויערים הא־

בין געגעבין וייערע שטימין פאר דיא סאָציאל-דעמאָקראַטין און פון דיא געגינדין, וועלכע ליגין ניט וויט פון גרויסע און פאבריצנע שטאָדט, האבין דיא סאָציאל-דעמאָקראַטין באקומין דאס מעהרסטע טהייל שטי-מין פון דיא בויערים.

דיא ארבייטער-פארטייא האט צוגיצויגין צו זיך מיטגלידער ניט נאָר דורך פארזאממלונגין און רעדין, נאָר אויך דורך ביכלאך און צייטונגין. דיא ארבייטער פארטייא גיט ארוס 5 טאָגליכע צייטונגין, וועלכע האבין צוזאמין ביז 70 טויזינד אַבאָנאַמענטין. כדי צו פארשפרייטין דיא סאָ-ציאַל-דעמאָקראַטישע אידעע צווישין דיא בויערים גיט זיך ארוס א וואָ-כענטליכע צייטונג „דער ערד-ארבייטער", וועלכע דרוקט זיך אי אויף פראַנצאָזיש, אי אויף פלאַמאַנדיש.

פאר דיא זעלנער האט זיא ארוסגיגעבין א באזונדערע צייטונג „נאָוואָבראַנעץ". מאן דארף ניט פארגעסין דיא וואָכענטליכע און צוויי-וואכענטליכע צייטונגין, וועלכע עס גיבין ארוס פארשידענע ארבייטער פעראיינין. אוסער דעם איז אין דער צייט פון דיא וואהלין אפגידרוקט גיווארין א גאנצע רייהע העפטין, וועלכע מאן האט גיטהיילט אומזיסט. צו צעהנטויזינד עקזעמפלארין זיינין צוטהיילט גיווארין 2 העפטין, וועל-כע האבין גירעדט וועגין דעם, וואס איז דאס אזוינס סאָציאַליזמוס און וואס וויל זיך דערשלאָגין דיא ארבייטער פארטייא. גאנצע 2 מילליאָן זיינין פארנאנדער גיטהיילט גיווארין אנדערע העפטין פיר ארבייטער פון פארשידענע אַרטין ארבייט: פיר שטיינקוילין-גראָבער, פיר שטיינהאָקער, מאליארים, בויערים, שפינער, וועבער, שניידער, פיר ארבייטער אויף דיא באהנין, קראָמער, לעהרער און ד. גל. פיר בויערים און קאטאָ-לישע ארבייטער זיינען גיוועזן גידרוקט גאר 2 באזונדערע העפטין. אוסער דעם זיינען אין אללע ווינקיליך פאראַנאנדערגיוואָרפין און אנגיקלעפט גיווארין אָנגיהיירע גרויסע מאססין פראָקלאמאציעס, פליה-בלאָטטער און אופרופין.

דיא פארזאממלונגין, דער שטאָנדיגער ארומרייזין, דער דרוקין ציי-טונגין, ביכלאך, אופרופין — דאס קאָסט אללעס גוטע געלד. וואו האט דאס דיא ארבייטער-פארטייא גינומין? ערשטינס האבין מיר שאהן גי-זעהין, דאס זיא האט גיקראָגין שטיטצע פון דיא פארשידענע „גע-ווערבס- און פערצעהרונגס גיזעללשאפטין". ווידער האט זיא גיהאט שטיטצע פון דיא נדבות פון איהרע מיטגלידער. פארשטאָנדיגע אר-בייטער פלעגין מיטין גאנצין הארצין אָפשפאָרין פון זיך פיעל נאָר זייא האבין גיקאָנט און אריינטראגין דאס א נדבה אויף דעם שטרייט מיט

דער בורשוואזיע און אוף דעם בילדין וייערע גידריקטע ברידער. פון דיא פאַרהאָרעוועטע גראָשינס, וועלכע עס גיבין דיא הונדערטע טויזינדע מיטגלידער פון דער ארבייטער פארטייא, ווערט גאנצע טויזינדער רו'ב אין דער קאססא פון קאָמפּפֿענדין פּראָלעטאַריאַט.

דיא אונערמידעטע טהאָטיגקייט פון דיא סאָציאל-דעמאָקראַטין האט גיבראַכט צו א זעלטענים זיעג אוף דיא וואַהלין פון אָקטאָבער. זייער גרוים איז גיוועזן דיא מיה, אבער נאָך גראָססער איז גיוועזן דיא באלאָהנונג פאר איהר!

דער נצחון פון דיא סאָציאַל-דעמאָקראַטין באשטייט ניט אזוי פיעל אין דעם צאהל פון אָרטער, וואס זייא האבין גיקראָגין אין פאַרלאַמענט, נאָר אין דעם, וואס זייא האבין כמעט אין גאנצין פערניכטעט איינע פון דיא עלטעסטע בורשוואזנע פארטייען, דיא ליבעראַלנע פארטייא.

ביז איצט האבין אין בעלגיען עקסיסטירט צווייא בורשוואזנע פאַרטייען: אַ ליבעראלנע און אַ קלעריקאלנע.ביידע פארטייען זיינין ניט גיוועזן בעססער איינע פאר דיא אנדערע; זייא האביןביידע באשיטצט דיא אינטערעסין פון דיא בורשוואזיע: דער אונטערשייד פון זייא ביידין איז נאָר דאס, וואס דיא גלח'שע פארטייא אוסער, וואס זיא האט גיוואלט, דאס דיא בורשוואזיע זאל הערשין, האט זיא נאָך פארלאנגט, דאס דיא גייסטליכע (גלחים) זאלין אוך האבין מאכט: דיא ליבעראלנע פארטייא האט אבער גיוואלט, דאס דיא בורשוואזיע זאל אליין זיין דיא גאנצע בעל-הבית'טע אין לאנד. דיא קאַטהאָלישע גייסטליכע אין בעלגיען זיינען גיוועזן זייער רייך, האבין גיהאט פיעל ערד און אנדערע פארמאָגענס. אט דיא גייסטליכע רייכע ערד-באזיטצער צוזאמין מיט אנדערע רייכע גוטסבאזיטצער זיינין דיא רעכטע אנפיהרער פון דיא קלעריקאלנע פארטייא. פון אנדערע קלאססין שטייען צו צו דער קלעריקאלנער פאר-טייא איבערהויפט אונוויססענדע בויערים, וועלכע ווילין אוסקלייבין אזוינע, ועמין דער גלח הייסט. צו דער ליבעראלנער פארטייא גיהערין איבערהויפט פאבריקאנטין אדער אזוי קאַפּיטאליסטין גרעססערע אונד קלענערע. דיא קלאססין באוואוכטע ארבייטער האבין, פארשטייט זיך, ניט גיוואלט וויססין, ניט פון דיא ליבעראלנע, ניט פון דיא קלעריקאלנע פארטייען, אבער זייא האבין דאָך ביז אהער קיין וואַהלרעכט ניט גי-האט; אוף זייער מיינונג האט מאן אזוי פיעל גיקוקט, וויא אופין פאר-יאהרידיגין שנייא, און אין לאנד האבין צעהנדליגע יאהרין (צייט דיא קאָנסטיטוציע פון 1831-טען יאהר) נאָך אנאנד גיהערשט זא דיא לי-בעראלנע פארטייא, זא דיא קלעריקאלנע. דיא ליבעראלנע פארטייא האט גיהערשט דאן, ווען דיא גרעסטע טהייל פאָרשטייער אין פארלא-

מענט האבין גיהערט צו איהר; דיא קלעריקאלנע, ווען דיא גרעסטע טהייל פארשטייער זיינין גיוועזן איהרע.*

וויא האבין זיך דיא קלעריקאלען און ליבעראלען באנוטצט מיט זייער רעגיערונגס-מאכט? —ביידע האבין גיזארגט וועגין דיא בורשוואזיע און איהרע אינטערעסין; דיא קלעריקאלען האבין נאך אוסער דעם גי-זוכט צו ברייננגין נוטצין דען גייסטליכען. פאר דיא ארבייטער אבער און פארין איבריגין ארעמין קלאסס האבין זייא זיך גאנץ וויינג גיקיממערט. זייא האבין זיך באזארגט וועגין ארבייטער נאר דאן, ווען זייא האבין גי-רעכינט ארוסצוקריגין פון איהם וואסער עס איז פאר א טובה. ווען איין פארטייא האט גיהאט אין פארלאמענט דעפוטאטען ווייניגער וויא די צווייטע און די צווייטע האט געהערשט אין לאנד, דאן נור איז דיא שוואכערע פארטייא געווארען א גוטער פריינד דעם ארבייטער און האט איהם צוגיזאגט גאלדענע בערג, אז זיא וועט ארייננקריגען די וולאדע ביייא זיך אין האנד. וויא נאר איהר וואונש איז מקוים גי-ווארין, וויא נאר זיא איז גיווארין די הערשענדע פארטייא אין לאנד האט זיא פארגעסען איהרע אללע הבטחות און האט דען ארבייטער בעהאנדעלט ניט בעססער, וויא די פריערדיגע פארטייא.

אזוי איז זיך אוועק 50 יאהר; די גאנצע צייט האט דען ארבייטער קלאסס גענארט א מאהל די פארטייא, א מאהל יענע, אהנע אוף צו רעגען דאס פאלק גענגען זיך. אבער נאך דיא וואהלען פון 1894-טען יאהר האט גענומען א סוף. עס האט אפטער ארוסגע-טרעטין א נייע קראפט, דיא ארבייטער מיט הונדערטע טויזענד וואה-לער, א קראפט וועלכע האט כמעט אין גאנצען פערניכטעט דיא ליבעראלנע פארטייא: פון דיא 59 דעפוטאטען, וועלכע די פאר-טייא האט גיהאט אים פריערדיגען פארלאמענט, זיינען איצטער גע-בליבען מעהר ניט 15!

אוסער דעם האט דער נצחון פון דער ארבייטער פארטייא גע-

*) אים פארלאמענט ווערט יעדע זאך באשלאססען נאכ'ן רוב שטימען. זעלבסט פערשטאנדליך, אז דיא פארטייא, וועלכע האט פאר זיך אין פארלאמענט די גרעס-טע טהייל דעפוטאטען, קאן ארויסגעבין און אומבייטען געזעטצען, וועלכע זיא גע-פינט פאר זיך נייטהיג. אוסערדעם האבען מיר שאהן גיזעהן, אז פון פארלאמענט וועדנעט זיך די גאנצע רעגיערונג. מיר האבען גיזעהען, אז דער פארלאמענט קאן אראפוואַרפען דיא מיניסטארין און הייסען דעם קייזער אוסקלייבען אנדערע, ה״ה. אויב דער קייזער וויל, דאס דיא מיניסטארין זאללען זיך האלטען, דארף ער זייא אוסקלייבען פון יענער פארטייא, וועלכע האט די גרעסטע טהייל דעפוטאטען אים פארלאמענט, ממילא קומט שאהן אוס, אז די גאנצע רעגיערונגס מאכט פון לאנד געפינט זיך בייא יענער פארטייא, וועלכער ס'גיהערן די גרעסטע טהייל דעפוטא-טען אים פארלאמענט.

בראכט נאך אַ נוטץ. אוסער ליבעראלען און קלעריקאַלען זיינען נאך אים בעלגישען פּארלאַמענט גיווען עטליכע פאָרשטייער, וועלכע האבען גאנץ ערנסט געוואָלט עטוואס אום בעססערין די לאגע פון דיא ארבייטער. דיא דעפּוטאַטען הייסען „פּראָגרעסיסטען". ביז איצטער פלעגין זייא זיין איינם מיט דיא ליבעראַלען, איצטער אבער, נאך דיא וואַהלען פון אָקטאָבער וועלין זייא שטיצען אים פּאַרלאַמענט דיא סאָציאַל-דעמאָקראַטען. אים יעצטיגען פּאַרלאַמענט געפינען זיך 5 פּראָגרעססיסטען, וועלכע זיינען אוסגעקליבען גיוואָרען דורך די שטיצע פון דער ארבייטער פּארטייא. דיא ארבייטער האבען גיגעבען זייערע שטימען פאר זייא מיט דעם בעדינג, דאס זייא זאָללען זיין איינס מיט דיא סאָציאַל-דעמאָקראַטישע דעפּוטאַטען.

אלזאָ וועט איצטער אין פּאַרלאַמענט פּאָרקוממען אַ שטרייט ניט צווישען דיא ליבעראַלען און קלעריקאַלען, נאָר צווישען קלעריקאַלען און סאָציאַל-דעמאָקראַטען. דער שטרייט צווישען דיא ביידע בורשוואזנע פּארטייען האט דעם ארבייטער קיינע נוטצען געבראכט, פערקעהרט דער שטרייט צווישען קלעריקאַלען און סאָציאַל-דעמאָקראַטען וועט בריינגען דעם ארבייטער קלאסס זייער פיעל נוטצען. דיא סאָציאַל-דעמאָקראַטען וועלין איצטער זעהן צו דערשלאָגין זיך פערשיעדענע פארבעססערונגען פארן ארבייטער. מיט דיא רעדען, וועלכע דיא סאָציאַל-דעמאָקראַטען וועלין האלטען אים פּאַרלאַמענט וועלען זייא עפענען דעם גאנצען פאָלק דיא אויגען און איהם דערוויזען דיא אללע פאַלשקייטען פון דיא קלעריקאַלען און וויא שאָדליך זייער טהאָטיגקייט איז פאר'ן גאנצען פאָלק. דאס גאנצע פאָלק הערט זיך צו צו דיא רעדען פון דיא דעפּוטאַטען, און דיא סאָציאַל-דעמאָקראַטען וועלין דעריבער מיט זייערע רעדען צו ציהען נייע מיטגלידער צו דער ארבייטער פּארטייא.

אָמת טאקי, דיא קלעריקאַלען האבען אַ גרויסע צאהל דעפּוטאַטען אים פּאַרלאַמענט אללעס צו ליעב דעם, וואס דיא בויערים און דיא רייכע האבען צו 3-2 שטימען; זייא האבען נאך אים פּאַרלאַמענט גאנצע 104 דעפּוטאַטען, אבער איצטער וועלין זייא שאָהן מוזען ערפיללען דאס, וואס זייא האבען צוגיזאגט דיא וואָהלער, ווארום אז ניט, וועלין זייא אַ צווייטען מאהל זאגען: „אַ גוטען טאג"! און וועלין צושטיין צו דער ארבייטער פּארטייא. מאן דארף ווייטער ניט פארגעסין, אז דיא בויערים, וועלכע, וויא מיר האבען שאָהן גיזעהען זיינען דיא גרעסטע קראַפט פאר דיא קלעריקאַלען, שטייען וואס ווייטער אללעס מעהרער צו צו דיא סאָציאַלדעמאָקראַטען. דיא סאָ-

ציאַל-דעמאָקראַטען האבען שאָהן בייא דיא ערשטע וואַהלען צוגינומ-מען בייא דיא קלעריקאַלען איינינע אָרטער אין פּאַרלאַמענט. אין „נאַמיר", למשל, אוף דעם אָרט פון דעם פריערדיגען קלעריקאַל, וועלכער איז נאך דערצו גיוועזן דער ערשטער מיניסטער, האט מאַן אוסגיקליבין אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט, איינעם אַן-ארבייטער „דעפּנע". און אוב דיא קלעריקאַלען וועלין שפּעטער אוך וועלין פיהרען דען בויער פארן נאָז און איהם צו זאגען פוסטע חלומות, וועט ער שאָהן מעהר ניט הערען דען גלח און וועט צו שטיין צו דער ארבייטער פּארטייא. און דאס פארשטייט דאָך יעדער, אז דיא קלעריקאַלען קאָנ-נען זיין גוט פארן בויער נור מיטין צונג, ווארום יעדע שטיצע דעם בויער קאָנען ברייננען שאדען דיא גייסטליכע און בורשוואזיע. אט פאר וואס דיא איצטיגע קראַפטיג פון דיא קלעריקאַלען זיינען ניט אוף לאנג. אט פאר וואס דער נצחון פון ארבייטער פּארטייא לאָזט זייא ניט רוהיג שלאפען, חאָטשע זייא האבען אים פּאַרלאַמענט אסך מעהרער פאָרשטייער, וויא דיא ארבייטער פּארטייא.

דיא ארבייטער פּארטייא — דאס איז אַ יונגע קראפט: דיא קלעריקאַ-לען אַן-אפּגילעבטע קראפט. דיא ארבייטער פּארטייא איז געגרינדעט אוף דער ענטוויקלונג און דעם באוואוסטזיין פון דיא ארבייטער און געדריקטע אין כלל. און דיא אונטערדריקטע ענטוויקלען זיך אללעם מעהרער און ווערין אללעם מעהרער פערשטאָנדיגער, דעריבער וועט דיא ארבייטער פּארטייא ווערין אללעם גרעססער און שטאַרקער. דיא קלעריקאַלען, פּארקעהרט, האלטען זיך אוף דער אונוויססענהייט פון דער בויערשע מאססע און אוף פאַלשקייט; דיא בויערים אבער הייבין אן אללעם מעהרער צו פארשטיין, אז אוף דיא קלעריקאַלען האַ-בין זייא ניט וואס צו האָפּען, אז דיא קלעריקאַלען ווערען אללעם שוואכער, אנדערס גערעדט, צו דער ארבייטער פּארטייא וועלין צו קומען אללעם מעהרער מיטגלידער, פון דיא קלעריקאַלען אללעם מעה-רער אפּפאלין. ווער פון דיאביידע פּארטייען וועט זיעגען, קאָן פאר קיינעם קיין צווייפעל ניט זיין.

דער מאַכטיגער קאַמפּף פון דער ארבייטער פּארטייא פאר וואַהל-רעכט און דיא פאָרשטייער, וואס זיא האט גימאכט אוף דיא ערשטע וואַהלען, אין וועלכע ס'האבען אַ אנטהייל גינומען דער גאנצער אר בייטער קלאסס בעוויזען, אז דיא קראָפטין פון דער ארבייטער פּאר-טייא וועלין וואקסען אללעם מעהרער און מעהרער און וואו די קראפט איז, דאָרטין איז דער זיעג.

מיר קאָנען דעריבער גאנץ זיכער זאגען, אז אין בעלגיען, גלייך וויא אין אללע לאָנדער, וועט זיעגען דער ארבייטער קלאסס.

א ו י ס ג א ב ע ן  פ ו ן

## „גרופפע איד. סאצ. דעמ. אין רוססלאנד“

געדרוקט אין אויסלאנד:

1) גוט יום טוב. 2) ארבייטס-טאג (עס דרוקט זיך די צווייטע אויפלאגע). 3) הספד. 4) שכירות. 5) א רעדע אויף פורים. 6) דער שטאדט-מגיד. 7) 2 רעדעס צום 1-טען מאי. 8) „אידישער ארביי-טער“: No 1, 2-3, 4-5 .No

## פון א 2-טער גרופפע איד. סאצ. דעמ. אין רוססלא...

געדרוקט אין רוססלאנד:

1) „ארבייטער שטיממע“: No 1, 2-3, 4-5.

---

א ו י ס ג א ב ע ן  פ ו ן

## „אל. אידישען ארב.-בונד אין רוססלאנד און פוי...ן“

געדרוקט אין רוססלאנד:

1) „ארבייטער שטיממע“ 8 ,7 ,6 No. 2) דער געהיי...ר צירקוליאר פון 12-טען אויגוסט 1897, פון מיניסטער דעם אינ...ערן צו די גובערנאטארען (מיט א נאכווארט). 3) ביילאגע צו דע... „ארבייטער-שטיממע“ וועגען דען ציוריכער אינטערנאציאנאלע... ארבייטער-שוטץ קאנגרעסס פון 1897. 4) דער שטרייק פון שקר... 5) ביילאגע צו דער „ארבייטער שטיממע“ 8 No. 6) דער עיקר ... דער קאנסטיטוציאן (געדרוקט אין אויסלאנד).

---

ע ס  ד ר ו ק ט  ז י ך  א י ן  א ו י ס ל א נ ד:

1) ארבייטער-ביבליאטעק. ערשטעס העפט: פאר ... וונגאויפ...אנג. א זאממעלבוך. 2) די ארבייטער-בעוועגונ... ענגלאנד. 3) א מעשה מיט פיער ברידער. 4) דער קאממוניס... מאניפעסט.